## אַלע ווערק פון י. ל. פּרץ

נײַנטער באַנד

---

# אַלט און נײַ

(נײַע פֿאָלקסטימליכע און אַנדערע געשיכטען)

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# אינהאַלט.

זייט

# די ירושה

(אָנשטאָט דער פּאָררעדע)

מען האָט צו וויסען געטהון דעם גערטנער, אז די שענסטע, די ווייסעסטע ליליע, וואָס ער האָט געפלאַנצט און ערצויגען, די שענסטע פון זיין גאָרטען, זיין שטאָלץ און זיין פרייד, איז איבער נאַכט פערשוואונדען —

דורכגעפלויגען איז אַ ווינד און האָט זי אַרויסגעוואָרצעלט, מיטגעריסען, אַוועקגעטראָגען, און אין ווילדען טרייב געווים ערגיץ אויפ'ן וועג פערלוירען — —

עס האָט איהם וועה געטהון, דעם גערטנער.

עס איז זיין ליעבסטע בלום געוועזען — זיין שטאָלץ, זיין טרייסט; האָט איהם וועה געטהון דאָס הארץ.

---

ביי'ם ברעג פון ים ליעגט אַ שיפער און שלאָפט... ער האָט זיך אין מילדען אָבענד געלעגט... אויף דער קייט האָט זיך שטיל זיין שיפעל געוויעגט, און שטילע זיסע חלומות האָבען איינגעוויגט דעם שיפערס האַרץ-רייסענדיגע בענקשאַפט...

אַריבער וועט די נאַכט... אָנהייבען בליהען וועט דער טאָג... אויף די וועלען-רוקען וועקען זיך גלאַנצען, אָבגלאַנצען פון מאָרגען-רויט אין מזרח — בעפרייען וועט ער דאָס שיפעל! און פון נאַכט און פינסטערקייט ערלעזט, וועט ער

אַריינגעשפּרונגען מיט לוסטיגער קראַפט, רידערן — די רעשט־לעך שאָטען און שלאָף פון די וועלען־רוקען פעריאָגען — פעריל וועלען אויפשווימען און אַרומרינגלען זיין שיפעל —

העי! העי! אין דער ווייט, אין דער ברייט — איבער וועלען, איבער גלאַנצען, העט! העט! צו נייע ברעגען, צו נייע וועלטען — —

און עמיץ געהט דורך, ריהרט׳ם אָן ביים אַקסעל:

— שיפער — דיר חלומט, און דער ווינד האָט זיינס געטהון, ער האָט אָבגעריסען די קייט! די צאָרניג אויפגע־ברויזטע פאַליע האָט דיין שיפעל פערחאַפט און פערטראָגען — און דער הימעל, דער הימעל צירנט, און דער ים צורודערט זיך — רוק דיך אָב פון ברעג —

דער שיפער ערוואַכט.

און זיין האַרץ־וועה ערוואַכט און זיין אייביגע בענקשאַפט...

---

די זון געהט־אונטער, און דער פאַסטוך אין וואַלד קען זיך זיינע שאָף נישט דערצעהלען. איינס פעהלט, איינס האָט זיך פעראירט... איינס — דאָס וויסעסטע, דאָס יונגסטע און דאָס בעסטע...

ער רופט עס מיט די ליעבסטע נעמען, מיט איין אונרוהיגער פערבענקטער שטימע. פיער־פאַליג וואַרפט איהם דער וואַלד זיין שטימע צוריק — דאָס שעפיל ענטפערט נישט. פון איהם קיין קלאַנג...

און די זון זינקט אַלץ טיעפער און טיעפער, דיקער און דיקער לעגען זיך די שאָטען, אין נעפעל פערוויקלען זיך די ביימער...

געשווינד טרייבט ער אהיים די הערט, פערשפּאַרט זיי, און האַפט אַ לאַמטערן, צינדט׳ן אָן, און לויפט מיט האַרץ־קלאַפּעניש צוריק אין וואַלד אַריין, זוכען זיין געליעבט שעפע־לע, דאָס וויסעסטע, דאָס בעסטע, דאָס יונגסטע — —

קומט ער אין וואַלד אַריין ציטעריג־שטראַהלענדיג איז דאָס שוואַכע פלעמ'ל, און פלוצלונג וועקט זיך דער ווינד, גיט אַ יאָג און לעשט דאָס איינציגע ליכטעל אוים — —

אין פינסטערניש און שרעק פערזונקען, בלייבט דער פּאַסטוך אין וואַלד.

---

און דעם גלייביגען איז מען געקומען אָנזאָגען:

— אַ דונער האָט אַריינגעשלאָגען אין דיין היילינקייט... דיין גאָט, אָן וועלכען דיין נשמה האָט געהאָנגען, צו וועלכען דיין הארץ האָט געבענקט, דיין איינציגע האָפנונג און רעטונג, — דיין גאָט איז אַראָב געפאַלען און האָט געפּלאַצט, און איז צעשטויבט געוואָרען... און אַ ווינד האָט זיך אויפגעהויבען און זיין שטויב אויפגעכאַפּט און צעשפּרייט און צווייט...

צוריסען איז געוואָרען דאָס הארץ ביים גלייביגען.

---

און איך בין דער גלגול פון די אַלע...

איך האָב גע'ירש'נט די וועהטאָג פון גערטנער, פון שיפער, פון פּאַסטוך, פון גלייביגען — דאָס אַלץ צעזעצט מיר די ברוסט.

# דער אַרענדאַר.

קאַפּיטעל 1.

איין אַרענדאַר אַ קמצן
און תּפלות פון אַ אשה.

אין פּוילען דער מדינה, אונטער צוויזמער, וואָס ביי דער ווייכסעל, האָט געלעבט אַ יוד איין אַרענדאַר.

איז דער אַרענדאַר געווען אַ גרויסער חשוב ביים פּריץ, און דער פּריץ איז אַ גרויסער מאַגנאַט געווען, איז ער, דער אַרענדאַר, געקומען צו גרויס עשירות.

האָט ער געהאַט פּאַלוואַרקים מיט וואַלד און פעלד, און הערטשאַפטען פון שאָף און רינדער, און הייזער, און ברויי-הייזער, און מיהלען, אויף וואַסער און ווינד; און מזומנים גאָר פיעל, אַ חוץ חובות ביי לייט...

מילא, אַז זיין ליעבער נאָמען שענקט מזל, איז אודאי גוט.

איז אָבער דער יוד אַ גראָב נפש געווען, און אַ קמצן אַ גרויסער, און נישט געוואוסט פון קיין צדקה: נישט מיד ליד, נישט מאיר-בעל-הנס, נישט מעות חטין, גאָר נישט, — און לאָזט נישט קיין אורח איבע־ דער שוועל.

אַ ווייב האָט ער געהאַט דוקא איין אשה צנועה וחשובה, פלעגט ער איהר אָנטהון געברוינטע לייד, פאַר אַ גראָשען צדקה, וואָס זי פלעגט טהון אונטער זיין וויסען; פייניגען פלעגט ער זי דערפאַר.

וואוילע קינדער האָט ער געהאַט, — אַ פּנים, אין דער מוטער אַריין געראָטען, — האָט ער די יינגלעך אין חדרים אַריין, אין שטאָדט אַריין נישט געשיקט; עס זענען איהם די פּערד אַ שאָד געווען. און ביי זיך קיין רעכטען מלמד נישט געהאַלטען, נור אַ בעלפער בחצי חנם, וואָס האָט זיי קוים עברי אויסגעלערנט.

האָט פון דעם די אשה נאָך מעהר צער געהאַט.

פלעגט זי גאַנצענע טעג ווערגען זיך מיט די טרע־רען אין האַלז. בייזנאַכט מיט די טרערען די שטילע אויסגע־צען די קישענס. און ערשט ימים־נוראים, אַז מען פלעגט קו־מען אין שטאָדט אַריין, האָט זי אין עזרת נשים זיך רעכט אויסגעוויינט דאָס האַרץ; די וועלט איינגעריסען.

און אַ תפילה איין איין־איינציגע האָט זי געהאַט אויף די ליפּען און אין׳ם צעווייהטאָגטען האַרץ:

„זאָל זיין ליעבער נאָמען זיך מרחם זיין אויף איהר מאַן און איבערבייטען זיין האַרץ צום גוטען. זאָל ער נישט זיין אַזוי אַריינגעטהון אין דער תאוה פון עשירות און אין עולם הזה פון אכילה ושתיה... זאָל ער די נשמה אויך ניט פערגעסען. זי זאָל, חס ושלום, אַז עס וועט קומען די צייט, נישט פערפאַלען ווערען אויף כף הקלע..."

און אַזוי האָט זי געבעטען:

„זעה, רבונו של עולם, גוטער גאָט, האַרציגער גאָט, ער זאָל בעצייטענס נאָך תשובה טהון..."

„זאָל ער מיט אַ ברייטער און פולער האַנד צדקה געבען, זאָל ער אַ מכנים אורח ווערען. און זאָל ער גך זיין די קינדער־ליך אין גאָטס וועג, און מגדל זיין לתורה ולחופה, ולמעשים טובים..."

וואָס קאָן מעהר טהון אַ צובראָכען האַרץ פון אַ יודענע?

קאפיטעל 2.

## איין אָרימער גייהער לאַכט
## און דער אַרענדאַר גייהט זיך באָדען.

איינמאָל, פרייטאָג ביי טאָג.

זומער־לעב געווען, אַ טאָג — אַ גאָלדענער.

זיצט דער אַרענדאַר, מיט דער גאַנצער משפחה, אונ־טער'ן פרייען הימעל, אין גערטעל פאר'ן הויז, ביים אָנבייסען.

אַ דעמב אַ ריעז, מיט צולאָזטע צווייגען איז אין גערטיל געשטאַנען; האָט מען אינ'ם שאָטען פון דעמב דעם טיש גע־דעקט, מיט כל טוב: פיש, פלייש און צימעס. און אַ שטראָ־דעל; ביים פריץ אויסגעלערנט. און אַ פלעשעל אַלטען מעט ביים טיש; כיד הגביר.

זיצט ער זיך אויבען־אָן דער אַרענדאַר, שעפט נחת פון דער אכילה, פערטרינקט מיט'ן אַלטען מעט, און איז מקבל תענוג פונ'ם עולם הזה, סמאָטשקיט מיט די פעטע ליפען, —

קומט, פון צווישען דיביימליך אין גערטיל, פלוצלינג אַרויס איין אָרימער גייהער, מיט'ן פעקיל אויף די אַקסעל...

וואָס טראָגט אַרום אַ גייהער? בענדער און בענדליך, קעמעלעך, נאָדלען און האָהר־נאָדלען, און שפיעלצייג פאר קינ־דער... וכדומה אַזוינע קליינינקייטען...

דערזעהט ער די משפחה ביים טיש, שטעלט ער זיך שטיל אָב, לאָזט אַראָב דאָס פּעקיל פון די פּלייצעס, גלייכט זיך אַ ביסל אויס — איין אַלטער גראָהער יוד געווען, און אַ שוואַכער, נעביך.

בעט ער זיך, דער אָרימער גייהער:

—קויפט עפּיס, יודען, לאָמיך פּערדיענען אויף שבת...

וויל זיך צו'ן איהם די אשה אויפהייבען; וואַרפט אויף איהר דער אַרענדאַר אַ בייזען בליק, בלייבט זי, נעביך, זיצען...

—זעהט — מאַכט דער גייהער — די זון איז שוין אַזוי הויך, און איך האָב נאָך אויף שבת קיין סימן און קיין צייכען נישט. —

— אַוועק! טרייבט דער אַרענדאַר, טרינקענדיג...

—שענקט מיר חאָטש — רופט זיך אָן דער גייהער — אַ ביסען אין מויל אַריין. די נשמה צו דערחאַפּען... חאָטש וואַסער אַ טראָפּען; ס'ברענט אַזוי די היץ...

שלינגט די אשה די געזאַלצענע טרערען און שווייגט. קאָנען די קינדער נישט צוזעהן דער מוטערס צרות און דעם גייהערס נויט, און הייבען זיך אויף, און גייהען אַוועק פון טיש, טיעפּער אין גערטיל אַריין, און דער אַרענדאַר שפּרינגט אויף מיט גרוים גרימצאָרן:

— בעטלער-קבצנים, האָב איך פיינד, הערסט?! ד'רוף דעם משרת, ברעכט ער דיר אַ ביין!

הייבט דער גייהער צוריק אויף דאָס פּעקיל אויף די פּליי-צעס, קרעכצט אָב און, האַלטענדיג אין גייהן, פּרעגט ער:

— און פאַר גאָט, אַרענדאַר, האָט איהר גאָר קיין מורא נישט?

— ניין!

און ער צופראַהלט זיך, דער עם-הארץ:

זאָס קאָן איהם גאָט טהון?

„וועט ער שיקען אַ פייער פון הימעל און אַוועקלאָזען די הייזער, בריי-הייזער און די מיהלען, מיט די שפּייכלערס מיט

תבואות — מיט'ן רויך, בלייבען איהם נאָך אַלץ די פּאַלוואַר־
קעס מיט וואַלד און פעלד..."

און דער אַלטער מעט שטיינט אַלץ מעהר און מעהר
אין קאָפּ אַריין, און ער בעריהמט זיך ווייטער:

און זאָל ער יאָהרען־לאַנג נישט לאָזען וואַקסען אין פעלד,
בלייבט איהם נאָך אַלץ די והותר: מזומנים אין קאַסע, וועקס־
לען אין טייסטער...

און זאָל ער שיקען גנבים, זיי זאָלען אויפברעכען די קאַסע
און צונעמען אַלץ... מאָהנט ער אַלץ די חובות אָב... זיין
פריץ איז דער שופט, און וועט איהם גלייבען אויפ'ן וואָרט.

צעוויינט זיך די אָרימע אשה, די ווערטער הערענדיג,
אויף אַ קול, און גייהט אויך אַוועק פון טיש... צולאַכט זיך
פלוצלינג דער גייהער און נעמט זיין וועג, און פערשווינדט
צווישען די ביימער. און דעם אַרענדאַר ווערט עפּיס אין אַלע
אברים היים.

נעמט ער אַ האַנדטוך פון שטוב אַרויס און גייהט זיך
באָדען צו דער ווייכסעל...

קאַפּיטעל 3.

## אַ פויגעל לאָזט און דער
## אַרענדאַר בלייבט אַ נאַקעטער.

באָדט ער זיך אַזוי און קיהלט זיך, און שעפּט נחת פון קאַלטען וואַסער, און שווימט — אַ יונג מיט ביינער געווען! — מיט'ן וואַסער, קעגען וואַסער, און אַרום און אַרום דער קעמפּע. וואָס אין דער מיט פון דער ווייכסעל אונטער צווזמער, און מאַכט קונצען אַלערליי: אויפ'ן רוקען און טריט־וואַסער, און לייגט „שטילע הענד" — —

דערהערט ער פלוצלינג פון דער קעמפּע, פון צווישען די נידריגע ביימלעך, וואָס וואַקסען דאָרט, אַ פויגעל־קול, פערנעמט עס איהם, דאָס קול; ער האָט נאָך אַזאַ שפּיעלען פון אַ פויגעל נישט געהערט...

האָט ער דאָך תאוה צו אַלעם; מוז ער דעם שפּיעל־פויגעל האָבען, און שטוב אין אַ שטייגעל האַלטען, אַזאַ שפּיעל־פויגעל האָט דער פּריץ נישט!

שפּרינגט ער אויף דער קעמפּע אַרויף — דערזעהט ער דעם פויגעל...

אויף אַ צווייגעל פון אַ נידריג ביימעל איז ער, דער פויגעל, געשטאַנען, און, אַ חוץ דעם זיסען קול, אַ פויגעל — אַ פערנעמעניש; אַ גאָלדענער פויגעל. און רוהיג שטייהט ער זיך,

דער פויגעל, און זינגט זיך זיין ליעד, גלייך ער זעהט זיין שונא נישט.

שלייכט ער זיך, דער אַרענדאַר, צום ביימעל צו, און שפּרינגט־אונטער מיט איין אויסגעשטרעקטער האַנד און חאַפּט — לופט אין דער פויסט אַריין. דער פויגעל האָט זיך איבערגע־היפּט אין דער שטיל, אויף אַ צווייג — איין אַנדערן, אויפ׳ן ביי־מעל פון דער צווייטער זייט...

גייהט ער נאָך, דער אַרענדאַר, אויף די נעגעל. שפּרינגט ער ווייטער אונטער, היפּט דער פויגעל ווייטער שטיל אַוועק, און שטייהט שוין אויף איין אַנדער ביימעל. שלייכט ער זיך ווייטער צו, היפּט דער פויגעל, ביי זיין שפּרונג, צו׳ן אַ דריטם אַוועק, און שטייהט שוין ווייטער, און שפּיעלט! שלייכט ער זיך איהם אַלץ נאָך און נאָך, פון צווייג צו צווייג, פון ביימעל צו ביימעל... ער שפּרינגט, דער פויגעל היפּט... אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז דער אַרענדאַר פאַלט אין כעס אַריין און רופט צום פויגעל אַזוי:

— וואַרט, וואַרט! חאַפּען וועל איך דיך שוין, מיך וועט נישט מיעד מאַכען קיין פייגעלע, נור שוין נישט דיין זינגען וויל איך צונד, איך האָב דיך שוין פיינד! וואַרגען וועל איך דיך, פייגעלע, און וואַרפען פאַר מיין הונד...

צולאַכט זיך פּלוצלונג דער פויגעל ווי אַ מענש, און גיט אַ שאָס אַרויף אין דער הייך, און פערשווינדט אונטער׳ן הימעל.

בלייבט דער אַרענדאַר שטייהן פערטומעלט. עס דאַכט זיך איהם, אַז דאָס איז דאָס זעלבע קול, מיט וועלכען דער אָרימער גייהער האָט געלאַכט. לאָזט ער זיך, מרה־שחורה׳דיג, צוריק אין וואַסער אַריין און שווימט, שוין אָהן גבורות אין קונצען, צוריק איבער דער ווייכסעל, צום אָרט, וואו ער האָט זיך אויסגעטהון, און געפינט די זאַכען נישט!

## קאפיטעל 4.

דער אַרענדאַר נעמט ביי זיין
אייגען הויז קצבה און ענט־
לויפט צום פריץ.

דער אַרענדאַר האָט דערזעהן, אז די זאַלען זענען נישטאָ, האָט ער, ווי דער שטייגער איז פון אַ גראָב נפש, אָנגעהויבען צו פליכען אויף אַ קול.

שילט ער דעם גנב, וואָס האָט איהם איבערגעלאָזט אין אַזאַ הייט.

דערנאָך לויפט ער אויף־און־אָב ביים ברעג פון דער ווייכ־סעל און שרייט, און רופט, — ענטפערט איהם אַ צוריסען דעמ־פיג ווידער־קול פון נאָהנטען שיטערן וועלדיל.

די זון האַלט אין זינקען; קיין לעבעדיגע נשמה אויף ווי־זע און פעלדר — לאַנג שוין אָבגעשטעלט די אַרבייט — —

אַ מעסער *) קומט אָן צושווימען איבער דער ווייכסעל; פון דאָרט וועט ער קיין הילף נישט בעקומען. און ער וועט דאָך נישט גייהען אַ נאַקעטער איבער דער פאָרשטאָדט. מען וואָלט געלאָפען אויף זיין בייז וואונדער; געמיינט: משוגע גע־וואָרען דער אַרענדאַר...

---

*) פאָם, טראַטווע.

דערווייל דערשפירט ער הונגער: נאָכ׳ן באָדען מיט׳ן שווימען, און אַזוי לאַנג אין מויל נישט געהאַט.

און קעלט דערצו: צוגעפאַלען אַ קיהלער אָוועגד; עס קלאַפּט איהם אַ צאָהן אָן אַ צאָהן...

דערמאַנט ער זיך, אַז הונגער און קעלט זענען צוויי קבצנ׳ישע זאַכען; ווערט ער אונרוהיג. בעפאַלט איהם נאָך אַ גרימצאָרן אויף זיך אַליין: ווי לאָזט זיך אַ מענש אַזוי אָראָב־פיהרען פון וועג פון אַ נאַרישען פויגעל; וואַרפט ער זיך אויף דער ערד מיט אַ שטומען כעס. —

און די אַראָבגעלאָזטע זון קוקט אַרויס פון דער ווייכסעל מיט אַ ברענענדיגער ראַנד, גלייך זי שפּעט אויס איהם.

די יודישע הייזליך אויפ׳ן רוקען פון בערגיל הייבען אָן דערווייל אויפצושיינען, און די פענסטערליך בליצען שבת׳דיג, נחת׳דיג.

אין פאָרשטאָדט צינדען זיך פאַמעליך אָן די קליינע פויע־רישע פענסטערלעך און פרייהליך טאַנצען די פייערליך; פייער־ליך ווייזען זיך אויך אויף די שווימענדיגע פאַסען איבער דער ווייכסעל.

קומט איהם אויס, אַז דאָס אַלץ איז איהם להכעיס...

איז ווייניג, שווימען נאָך אָן אין דער שטילקייט קלאַנגען פון אַלע זייטען: פון שטאָדט — „קבלת־שבת"; פון פאָר־שטאָדט — דאָס געזאַנג פון פויערישען יונגוואַרג אין גאַס; אויף אַ פאַס שפּיעלט עמיץ מאַנדאָלינע; אַ פייפערל העלפט אונ־טער...

און ער מוז דאָ ליעגען אין געהאַקטע וואונדען...

צורייצט עס איהם נאָך מעהר.

ליעגט ער אויף דער ערד, און בייסט די נעגעל פאַר כעס, אַזוי לאַנג, ביז אַלץ איז שטיל און אויסגעלאָשען גע־וואָרען. און הייבט זיך אויף, און לויפט אַהיים אויף אומטער־וועגען, איבער די וויזען; נעץ אַרויס, נעץ אַריין...

קומט ער, אָהן אָטעם און קוים אַ לעבעדיגער צו צום

הויז, איז עס שוין איינגעהילט אין חושך: טהיר און טויער פערהאַמערט, די פענסטער — פערמאַכט און פון אינווייניג פערלאָדענט...

פאַלט ער ערשט רעכט אין כעס אריין:

— האָליען שוין; נישט געוואַרט אויפ׳ן בעל־הבית!

ער וועט זיך שוין אָברעכענען מיט אַלע; מיט דער פלונית׳טע דער עיקר... דעם משרת וועט ער אַרויסטרייבען ווי אַ הונד...

און גיט אַ לויף צו צום טויער, און הייבט אָן קלאַפּען מיט די פויסטען.

לויפט פון קיך, אויפ׳ן הויף אַרויס, דער משרת מיט אַ געשריי:

— עה, דו, שלעפּער איינער! דאָ איז נישט קיין אורחים־הויז! דער בעל־הבית וועט דערהערען, הייסט ער דיר ברעכען אַ ביין!

פאַלט עס דעם אַרענדאַר, ווי אַ בליי אויפ׳ן האַרץ; די ווערטער האָט ער דעם אָרימען גייהער געזאָגט: „ער וועט איהם הייסען ברעכען אַ ביין!"

דערווייל איז דער משרת צוגעקומען און אַרויסגעקוקט דורך אַ שפּאַרע פון טויער. דערזעהט ער אַ נאַקעטען, חאַפּט ער זיך אָן ביי די זייטען פאַר געלעכטער:

— אַ נאַקעט משוגעת, חאַ־חאַ־חאַ!

לאַכען דעם אַרענדאַר אין די אויערן: דער משרת, דער גייהער און דער פויגעל צוזאַמען. לויפט ער אַוועק צום פענס־טער פון זיין שלאָף־שטוב —

— גיטעלע, — קלאַפּט ער אָן, — גיטעלע, עפען מיר אויף...

דערהערט ער, ווי אַ קול פון אַ מאַנספּערשוין, גור עפּיס אַזוי ענליך צו זיין אייגען קול, פרעגט אין שטוב מיט גרויס וואונדער:

— גיטעלע, ווער קאָן דיך עס רופען ביינאַכט, און הערצט דיך אפילו נישט?!...

— ד׳וויים נישט, מיין מאַן, — הערט ער גיטעלעס ענט־פער, — עפֿען אויף לאָדען אין פענסטער, און גיב אַ קוק, — אפשר האָט זיין ליעבער נאָמען, וואָס דאָ דיך איבערגעביטען, דיר אַ מציה צוגעשיקט...

„איבערגעביטען? ווען? ווי אַזוי פערביטען?״ אַרבייט אומ־זיסט דעם אַרענדאַרס מוח. עפענט זיך דערווייל, פון אינווי־ניג, דער לאָדען, דערנאָך דאָס פענסטער, און עמיץ קוקט אַרויס — —

ווערט דער אַרענדאַר שוין גאָר צוטומעלט: זיין פנים, זיין העמד, רויט אויסגענייהט, — אויך נאָכגעמאַכט דעם פריץ! — און זיין שלאָף־מיצעל מיט׳ן זילבערנעם קווייטעל —

און „יענער״ — הערט ער — זאָגט:

— גייה נישט צו, גיטעלע, עפיס אַ נאַקעט משוגעת... אַ רחמנות! דערלאַנג מיר פאַר איהם עפיס, די חרפה צוצו־דעקען; נור אַלטוואַרג, גיטעלע, ער וועט אין זיין משוגעת ס׳ ווי סיי אַלץ פון זיך אַראָברייסען...

— גיב, גיטעלע, אַ העמד, אַ פּאָר פלידערן... און אַ היטעל, — מיט׳ן בלויזען קאָפּ איז ער אויך! — און אַ חלה, גיטעלע, — ער איז אודאי אויסגעהונגערט, נעביך!

בלייבט דער אַרענדאַר פערשטיינערט. און אין אַ וויילע אַרום זעהט ער מיט אויסגעגלאָצטע אויגען, ווי „יענער״ וואַרפט איהם דאָס אַלץ אַרויס! און דאָס פענסטער ווערט באַלד פון אינערווייניג פערמאַכט און פערלאָדענט...

— איין אומגליק האָט מיך געטראָפען, — ברעכט זיך דער אַרענדאַר די הענד, — עפּיס אַ שווינדלער געקומען, פערשטעלט זיך און צוגענומען מיין האָב־און־גאָב...

לויפט ער צום לאָדען פון דער קינדער־שטוב, קלאַפּט אָן און רופט:

— יענקעלע, משה׳לע, שיינדעלע! אייער טאַטע קלאַפּט! עפענט אויף! ס׳האָט איהם איין אומגליק געטראָפען...

זענען, אַ פנים, די קינדער נאָך נישט געשלאָפען.

ענטפערט יענקעלע פון בעט אַרויס:

— מאַכט נישט קיין חוזק, יוד... מיין טאַטע איז ערשט די רגע דאָ געווען... די קישענס מיר פעררוקט...

משה'לע בעריהמט זיך:

— מיט מיר קריאת־שמע געליינט...

שיינדעלע מיט'ן קלינגענדיגען קול'כעל בעשטעטיגט:

— יאָ, יאָ! און אונז אַלע דריי, צום ערשטען מאָל, געקושט... אַ „גוטע־נאַכט" געזאָגט...

— מיט מיר וועט ער אַלע אָווענד קריאת־שמע לייענען! — בעריהמט זיך משה'לע ווייטער.

און יענקעלע שיט צו זאַלץ אויף די וואונדען:

— און היינט אין שטאָדט געווען, דער טאַטע! פאַר אונז אַ מלמד בעשטעלט; ר'וועט קומען מוצאי־שבת, באַלד נאָך הבדלה וועט ער קומען, יאָ, יאָ!

ניט נאָך שיינדעלע, נאָך אַ ישוב, צו:

— הערט, ר' יוד! נאַרען דאַרף מען ניט... נור אויב עס פעהלט אייך עפּיס, האָט קיין מורא נישט, קלאַפּט אָן ביים טאַטישעס פענסטער... וואָרען, די מאַמע זאָגט, אַז גאָט, ברוך הוא, האָט אויסגעהערט איהר געבעט, און דעם טאַטען איבערגעביטען, אַ גוטען, וואוילען טאַטען האָבען מיר אַצינד! —

„שלעכט, דאָ איז אַ שרעקליכער שווינדעל געשעהן!" — פלאַטט אויף אין אַרענדאַרס מוח, — אָבגענאַרט דאָס ווייב, די קינדער! מען מוז, חאָטש האַלבער נאַכט, לויפען צום פריץ! אין קייטען וועט ער איהם פערשיקען!"

## קאפיטעל 5.

דער אַרענדאַר בעקומט שמיץ
און שלאָפט איין אין ראָוו
ביים וועג.

וועט ער דאָך נישט לויפען נאַקעט, און די געדערים ליעגען איהם נישט אויף איין אָרט; לויפט ער צוריק צום ערשטען פענסטער, חאַפט און מאַכט צוויי־דריי ביס פון קוי־ליטש, ציהט אויף זיך אַרויף די בגדים, טראַכטענדיג דער־ביי מיט כעס:

„אַהאַ! דאָס האָט די פלונית'טע, אונטער מיין וויסען, פאַר די שנאָרערס אָנגעגרייט! בעצאָהלט וועט ווערען מיט'ן פריצ'ס הילף — מיט פראָצענט!"

און ער לויפט.

לויפט ער איבער'ן גערטיל און שלאָגט זיך, אין איילע־ניש, אָן אָן אַ בוים; פונקט אָן דעם בוים, אונטער וועלכען דער אָרימער גייהער איז געשטאַנען.

— תלין מיינער! שרייט ער אויס, — גלייך יענער וואָלט נאָך דאָרט געשטאַנען, און לויפט אַרויס, מיט שוויים בעדעקט.

צום פריץ איז אַ מהלך. זומער איז די נאַכט נישט קיין גרויסע, קומט ער צו צום הויף, הייבט שוין אָן גראָהען דער טאָג.

זעהט ער דורך די אייזערנע שטאַכעטען, אז דער פאַ־לאַץ איז בעלייכט; עס רודערט זיך אין פאַלאַץ. אין גרויסען,

ברייטען הויף שטייהט געשפאַנט דעם פּריצ׳ס קאָטש , די פערד הירזשען און קלאַפּען מיט די פאָדקאָוועס אָן די שטיינער . —
דער פּריץ קומט אַרויס , זעצט זיך אין קאָטש אַריין , מען עפענט דעם טויער . . . אַ קנאַק מיט דער בייטש , די קאָטש ריהרט פון אָרט , — אַרום דער קאָטש רייטען פיער פון פּריצ׳ס קאָזאַקלעך , מיט שטורקאַצען אין די הענד ; נאָך דער קאָטש — די רעשט . . .

מען פאָהרט אַרויס פון טויער .

מיין אַרענדאַר קלערט נישט לאַנג , גיט זיך אַ וואָרף פאַר די פערד אין דער ברייט , דער שמייסער האָט קוים צייט געהאַט איינצוהאַלטען די פערד .

— וואָס איז ? — פרעגט דער פּריץ פון קאָטש אַרויס .

לויפט צו צום אַרענדאַר אַ קאָזאַקל און בייגט צו׳ן איהם אַראָב דעם שטורקאַץ , קוקט און ענטפערט צו דער קאָטש צו :

— עפּיס , איין אָרימער יוד !

שפּרינגט אויף דער אַרענדאַר :

— פּריץ־לעב , חלילה , נישט קיין אָרימער יוד . . . איך , דיין אַרענדאַר , מיט אַ נייטיג משפט . . . סכנת נפשות ! אַ גנב , אַ שווינדלער —

— ווער עס איז , — האַקט איהם דער פּריץ איבער , בייז , — איך פאָהר צום סיים , —

און אַז דער אַרענדאַר וויל נישט אָבטרעטען :

— זאָל ער גייהן צום רב ! טרייבט איהם פון וועג !

קאַרגען די קאָזאַקלעך פאַר אַ ייד קיין נאַהייקעס נישט ; קאָלערט זיך דער אַרענדאַר , אונטער די שמיץ , פון וועג אַראָב , אין ראָוו אַריין . . .

די קאָטש איז פערשוואונדען .

שטיל איז געוואָרען . און דער געשמיסענער , צעווייהטאָגטער אַרענדאַר שלאָפט איין אין ראָוו ביים וועג . . .

## קאַפּיטעל 6.

### פון ראָוו צום רב,
### פון רב אין הקדש אַריין.

נישט לאַנג איז דער אַרענדאַר געשלאָפן אין ראָוו...
קוים האָט זיך רעכט געגרייטעלט דער מאָרגען, און פון די פענסטער אין פּאַלאַץ, די געביידען אַרום פּאַלאַץ, און פון די ווערבעס אין ביידע זייטען טראַקט האָבן זיך אויפגעהויבן פייגעל, גאַנצע שאַרען מיט אַמאָל, און געלאָזט זיך מיט געריוש און געפילדער אַרויף, אַרויף צום ליכטיגען הימעל...

האָט עס איהם אויפגעוועקט. פערשטייהט ער נישט, וואָס ער טהוט דאָ? וואָס עס ברעכען איהם אַזוי אַלע ביי־נער? ווי קומט ער צו ליעגען און שלאָפען אין ראָוו? וואָס פאַר קליידער טראָגט ער עס? וואָס פאַר אַ בייזער חלום חלומ׳ט זיך איהם?

פליהט גראָד אַ פייגעלע נידריג פאַרביי, מאַכט אַ ראָד אַרום זיין קאָפּ, קוקט איהם מיט די לוסטיג־לאַכענדיגע איי־געלעך אין פּנים אַריין; דערמאַנט ער זיך פּלוצלינג אַלץ מיט אַמאָל, און האַפּט זיך אָן ביים קאָפּ...

מען האָט איהם בע׳גנב׳עט אין בעשווינדעלט, און דער פריץ, דער שופט, איז אַוועק קיין וואַרשוי צום סיים! אי־בערגעלאָזט איהם, ווי אַ יתום..

פאַלט איהם איין : אַז מען מוז דערווייל אָבראַטעווען די חובות ביי לייט .

לויפט ער צו דער פאָרשטאָדט , קלאַפּט אָן בײם ערשטען בעסטען פויערישען בעל־חוב —

— עה , וואַסיל , ד׳דאַרף גראָד נייטיג געלד , גיב מיר אָב דעם חוב , אָדער אַ ראַטע אויפ׳ן חוב —

קוקט וואַסיל דורכ׳ן פענסטערל אַרויס און פרעגט :

— ווער ביסטו , יוד ? וואָס פאַר אַ חוב האָסטו ביי מיר ?

— דערקענסט מיך נישט ? איך בין דאָך דער אַרענדאַר !

צולאַכט זיך וואַסיל אויף אַ קול און קומט אַרויס מיט דער גאַנצער משפחה פאַר דער טהיר .

— געפעלט אייך — פרעגט ער — אַזאַ משוגעת ? טראָג דיך אָב , איך רייס אויף דיר אָן די הינד . . .

לויפט דער אַרענדאַר צום צווייטען בעל־חוב , און טרעפט איהם שוין פאַר דער טהיר .

מיט געלעכטער צום היי גייהט ער . דערזעהט אירם דער פויער , לויפט ער צו צום פענסטערל , פויקט מיט די פינגער דורך דער שויב אין שטוב אַריין און רופט :

— עה , קינדער ! קומט אַרויס , וועט איהר זעהן אַ משוגענעם יוד . . .

און אַזוי איבער דער גאַנצער פאָרשטאָדט . מען לויפט אויף זיין בייז וואונדער ; מען וואַרפט איהם נאָך שטיינער און שטעקענס ; די הינד רייסען איהם די פאָלעס .

קוים אַ לעבעדיגער איז ער פון פאָרשטאָדט אַרויס , אין שטאָדט אַריין געקומען , און לויפט צו די יודישע בעלי־חובות . . .

און ער האָט שוין די העזה נישט צו זאָגען , אַז ער איז דער אַרענדאַר . זאָגט ער , דער אַרענדאַר האָט איהם געשיקט נאָך געלד ! און גיט סמנים , און ווייסט דאָך און קען

געבען אמת'ע סימנים . . . טרייבט מען אידם פון טיר צו טהיר ווי אַ סוטה: אַ יוד — אַ משוגעת, קומט שבת נאָך געלד !

זעהט ער, אַז ער איז אין גאַנצען פערלוירען, זעצט ער זיך אַנידער אין מיטען מאַרק אויף אַ שטיין און וויינט אין האַרץ אין דער שטיל, מיט טרוקענע אויגען —

דער עולם גייהט פאַרביי דאַוונען, ווייזט אויף איהם איינער דעם צווייטען:

— נעביך, אַ משוגענער יוד . . . ווער ווייסט, פון וואַנען . . .

יונגלעך שטעלען זיך אָב . . . מען וואַרט נור, די עלטערע זאָלען אַוועקגייהן אין שוהל אַריין, וועט מען זיך נעמען צום משוגעת . . . מען זאַמעלט שוין שטיינדלעך אין די טאַשען אַריין.

חאַפּט ער זיך אויף און ענטלויפט ביי ציימענם באַרג-אַראָב, צום וואַסער צו. דערזעהט ער זיך אינ'ם וואַסער, דערקענט ער זיך נישט ! גאָט, ווי ער זעהט אויס: צעוואָרפען די האָהר, צוקנייטשט און צוקנוידערט דאָס פּנים, איינגעפאַלענע ברענענדיגע אויגען... און עפּיס גראָהער איז ער געוואָרען איבער נאַכט ! חאַפּט איהם אָן אַ גרויל: עפּיס איז ער אַזוי ענליך געוואָרען צום אָרימען גייהער, וואָס ער האָט ערשט נעכטען פערטריבען . . .

לויפט ער, ווי משוגע, ביים ברעג פון דער ווייכסעל, אַ גאַנצען שבת, אויף און אָב, ביז די זון איז אונטערגעגאַנגען, — דערמאַנט ער זיך פלוצלינג, אַז דער פריץ האָט איהם געהייסען גייהן צום רב. ער וועט דעם פריץ פאָלגען, ער האָט קיין אַנדערע עצה נישט, — לויפט ער צוריק דורך הינטערגעסלעך אין שטאָדט אַריין צום רב, גייהט שוין דער רב אַרום איבער דער שטוב נאָך הבדלה.

פאַלט ער אַריין מיט אַ געשריי:

— רבי, איהר מוזט מיך ראַטעוועז !

דערלאַנגט איהם דער רב קודם כל — „שלום״ און פרעגט, ווער עס איז.

בלייבט ער שטייהן:

— רבי, איך בין דאָך... דער אַרענדאַר בין איך דאָך... — שטאַמעלט ער שוין מיט אַ נישט־זיכער קול. צווייפעלט ער שוין אַליין, צי ער איז ווירקליך דער אַרענדאַר.

קוקט אויף איהם דער אַלטער רב אַ לאַנגע ווײלע מיט גרויס רחמנות, און זאָגט דערנאָך אַזוי:

— דעם אַרענדאַר — זאָגט ער — קען איך זייער גוט... זיצט דערווייל, רב יוד...

זעצט ער זיך, דער אַרענדאַר דער רב קענגענאיבער.

— פערשטייהט איהר מיך, — זאָגט דער רב, נישט אָראָבלאָזענדיג פון אַרענדאַר דאָס רחמנות׳דיגע אויג — ער איז ביי מיר פרייטאָג נאָכ׳ן אָנבייסען געווען, דער אַרענדאַר...

הערט ער אין געהאַקטע וואונדען, און דער רב פערציילט:

— ער האָט זיך, הערט איהר, שטאַרק געענדערט, דער אַרענדאַר; גאָר איבערגעביטען...

— ווי הייסט? — וויל אויפשפרינגען דער אַרענדאַר.

לייגט איהם דער רב אַ האַנד אויף אַיין אַקסעל און זעצט איהם צוריק, און פערציילט ווייטער:

— געווען... גערעדט אין פשטות אַריין, אָהן נאוה... אַ סך גערעדט... מענשליך... יידישליך...

— און איבערגעלאָזט דערנאָך, אַ היבש ביסעל געלד פאַר אָרימע לייט... און אויף הלבשה פאַר תלמוד־תורה־קינדער...

— איהר הערט? אפילו צוגעזאָגט צו געבען האָלץ פון וואַלד, צו פעררילטען די שוהל...

— און געבעטען, איך זאָל איהם, מוצאי שבת נאָך הבדלה, ארויסשיקען אַ גוטען מלמד פאַר די קינדער...

דערמאָנט זיך דער אַרענדאַר אָן די קינדערס רייד און עס חאַפּט איהם אָן אַ ספּאַזם אין האַלז, און ער קאָן שוין קיין וואָרט נישט אַרויסבּרענגען —

און דער אַלטער רב נעמט צונויף אין איין האַנד אַריין ביידע שפּיצען פון דער גראָהער באָרד, און קוקט אויף איהם אַ לאַנגע ווײַלע מיט בּאַרמהערציגע אויגען, און ענדליך זאָגט ער:

— מילא, דער אַרענדאַר זענט איהר נישט...

„אלא מאי, איהר האָט איין איינרעדעניש... איז עס אַ שטראָף פון זיין ליעבען נאָמען, מוז מען אָננעמען פאַר ליעב...

„און דעריבער ראָט איך אייך, מיין ליעבער יוד, גייהט אין הקדש אַריין... עס האַלטען זיך דאָרט אויף אַ חברה אָרימע־לייט, נעלטיגט מיט זיי איבער אין הקדש — און אין דער־פריה וועט איהר בעקומען קצבה גלייך מיט אַלע אָרימע יודען, און וועט אייך לאָזען מיט זיי צוזאַמען איבער דער וועלט...

„צו דער פרנסה וועט איהר גראָד טויגען..."

— רבי'צין! — רופט דער רב, זיך אויפהייבענדיג, אין דער צווייטער שטוב אַריין, — גיב דעם יוד אַ גלעזיל וואַרימס... און אַז ער וועט עס אויסטרינקען, זאָג דעם שמש, ער זאָל איהם אָבפיהרען אין הקדש אַריין... און זאָל ער, למען השם, זעהען, ער זאָל האָבען אַ שטיקל געלעגער אויף איבער נאַכט. ער וועט נעלטיגען, דער יוד... זאָל ער האָבען גוט צו שלאָ־פען... איך מוז גייהן וועגען אַ מלמד פאַר'ן אַרענדאַר...

און שפּעטער, אַז דער שמש איז צו איהם צוגעקומען, נעמען אין הקדש אַריין, האָט זיך דער שוין אַרענדאַר שטיל אונטערגעגעבען און געלאָזט זיך פיהרען...

## קאפיטעל 7.

בײַ'ן אַ חברה קבצנים —
אַ חתונה — אַרײַן אין
אײגענעם בעט.

דער אַרענדאַר האָט זיך אונטערגעגעבען.

ער האָט שוין פערשטאַנען, אַז דאָס האָט איהם זײַן ליעבער נאָמען געשטראָפט פאַר די רייד...

ער האָט טאַקע נישט צוגענומען דאָס פערמעגען בײַ'ן איהם, נור — איהם פון פערמעגען...

— פערפאַלען!

און שוין יאָהרען־לאַנג, אַז ער גייהט אַרום מיט די קבצנים איבער דער מדינה, פון ישוב צו ישוב, פון הויז צו הויז, פון טהיר צו טהיר. מיט אַ בײַטעלע אויף „גדולים" *) און „פרוטות" אין קעשענע, און אַ טאָרבע אויף שטיקלעך־ברויט און חלה איבערן האַלז.

אין דער התחלה האָט ער די גוטע צײַטען געטריבען פון זיך מיט געוואַלט... דערנאָך זענען די זכרונות מטושטש געוואָרען...

ער פלעגט זיך נאָך אַמאָל אויפהױבען ערגיץ אין אַיין אורחים־הויז און אַ געשריי טהון:

— משרת! שפאַן אײַן צום פריץ!

אָדער:

— גיטל, הײַנט מאַך אַ שטרודעל!

אָדער אַראָבשפּרינגען פון געלעגער;

---

*) גראָשענער

— סאָקאָל ! (אַזוי האָט זיין הונד אַמאָל געהייסען)
עמ׳ץ דרייהט זיך אַרום הויז !
און לייזען אַ פסק פון חברים :
— האַלט ס׳מויל, משוגענ׳ער !
משוגענער האָט מען איהם גערופען . . .
מיט דער צייט אָבער זענען די חלומות פון די גוטע יאָהרען אויך פערשוואונדען . . .
נאָך אַ יאָהר און נאָך אַ יאָהר, האָבען די אַלטע צייטען איהם אַליין אויסגעזעהען, ווי אַ חלום . . .
און ער האָט אויפגעהערט צו גלייבען אין חלום, מאַלע וואָס . . .
ווער ווייסט, ווער ער איז, פון וועמען ער שטאַמט, פון וואַנען ער קומט . . . ער האָט מיט דער צייט זיין נאָמען פערגעסען ; צייט ער האָט אויפגעהערט צו שרייען ביינאַכט, רופט מען איהם „שטיל משוגעת״ איז דאָס, זיין נאָמען . . . ווען איז אַזוינער עולה־תורה ?
נאָך אַ צייט מיט יאָהרען איז אַרוים אין דער סביבה, וואו די חברה קבצנים האָט זיך געדרייהט, אַ קלאַנג, אַז ערגיץ אין אַ ווייטער שטאָדט וועט זיין זייער אַ רייכע חתונה, מיט אַ גרויסער אָרימער סעודה.
קלויבט זיך די חברה קבצנים אַהין צו דער חתונה ; גייהט „שטיל־משוגעת״ אויך מיט דער חברה צוזאַמען.
איז אין שטאָדט אַריין אַ מהלך געווען . . . און אין יעדער קהלה שטייהט מען אַ ביסעל. נעכטיגט מען אין אורחים־הויז, מען נעמט „קצבה״ און עפּיס אָנצובייסען אויפ׳ן וועג . . . קומט מען אַ ביסל שפּעטליך.
קוים צייט געהאַט צו לויפען אין מרחץ אַריין, זיך אויסצעוואַשען, די בערד אויסצוקעמען און אָבערייניגען די מלבושים. די אָרימע סעודה איז גרייט, אין אַ סאַלע די טישען גדעקט, מיט אַלעם גוטען — צוויי פעסער ביער געעפענט, אַ פאַס מעט, אַ חוץ פלעשער מיט י״ש . . .

זעצט מען זיך אַרום די טישען.

דער מחותן מיט דער מחותנת׳טע, און די כלה און דער מיט — אויבען־אָן; די סעודה איז געוועזן פון כלה־צד...

זיצט „שטיל־משוגעת" און וואַרפט אַיין אויג אויפ׳ן טיש: בעקאַנטע טעלער, בעקאַנטע מעסער און גאָפּעל, און לע־פעל... ער קוקט זיך בעסער צו: זיינע אותיות ביי דער פריוו...

הערט ער, ווי די מחותנת׳טע זאָגט:

— עסט, יודען, און טרינקט געזונדערהייט, און בענשט מיר די כלה מיינע, און ווינשט גוטע יאָהרען דעם זווג...

דערקענט ער דאָס קול; גיטעלעס קול.

הייבט ער די אויגען אויף: זיין טאָכטער שיינדעלע איז די כלה —

הייבט דער מחותן אויף אַ כוס און רופט.

— לחיים, יודען, לחיים!

איז עס זיין אייגען קול פון אַמאָל...

דערשרעקט ער זיך, ווערט איהם נישט גוט, פאַלט ער אַרונטער אויפ׳ן אָנלעהן פון בענקעל, —

זאָגט דער מחותן צו צוויי פון די סאַרווערס, וואָס דרייהען זיך אַרום טיש:

— נעמט דעם יוד, וואָס עס איז איהם, לא עליכם, נישט גוט געוואָרען, אין דער שטוב אַריין, וואו עס ברענט אין אויווען, און טהוט איהם אויס, און לייגט איהם אין בעט אַריין... און איך וועל נאָכקומען זעהן, צי מען וועט, חס ושלום, נישט דאַרפען אַ מומחה — אַ רופא, צי אַ דאָקטאָר...

קרימען זיך די סאַרווערס אַ ביסעל — נור אַז דער מחותן הייסט, פאָלגט מען...

אין אַ מינוט אַרום, ליעגט שוין אונזער אַרענדאַר אין זיין שטוב, אין זיין בעט, אויף זיין קישען, אונטער זיין איבערבעט, און קוקט פערדולט אין פייער פון אויווען

אריין . . . איז עס אַ בייזער וויסטער חלום געווען ? . . .

די סאַרוועדם גייהען, דער מחותן קומט אַריין און פרעגט:

— נו, פעהלט אייך עפּיס, אורח־לעב ?

— ניין . . . און פערמאַכט די אויגען . . .

און אין אַ ווײַלע אַרום עפענט ער זיי ווידער:

— איך וויל אייך עפּיס בעטען, בעל־הבית ! איהר זאָלט אויף מיר קיין פּאַראיבעל נישט האָבען . . .

— חס ושלום ! ענטפערט דער מחותן מיט אַ וואונדער־ליכען שמייכעל, — זאָגט נור בפירוש, וואָס איהר ווילט . . . דאָס גרעסטע נחת פון אַ מענש איז, אויב ער קאָן עפּיס צוליעב טהון אַ צווייטען . . .

קרעכצט דער בעטלער אָב און זאָגט:

— זאָגט מיר, ד'בעט אייך: ווער איז דער חתן אייערער און וואָס ?

ענטפערט דער מחותן, מיט דעם זעלבען שמייכעל און גאַרנישט פערוואונדערט אויף דער שאלה — אַ רב'ס אַ זוהן, אַליין אַ למדן אַ גרויסער, און אַ מזג טוב — מיט אַלע מעלות . . .

ציהט זיך דער בעטלער אויס איבער'ן בעט:

— מעג איך שוין שטאַרבען ! — זאָגט ער, און הויבט צו אָן ציטערן אויפ'ן גאַנצען לייב.

— ניין, אורח־לעב, זאָגט דער מחותן לאַכענדיג . . . מען שטערט נישט קיין יידישע שמחה ! מען שטאַרבט נאָך נישט . . . אייך איז נור קאַלט, זעהט, וואָס איך טהו . . .

און ער חאַפּט דעם אורח'ס אָנטהון פון בענקעל אַראָב און וואַרפט עס אין פייער אַריין . . .

דאָס פּעטע אָנטהון צופלאַקערט זיך אויפ'ן פייער.

— איהר, זאָגט דער מחותן, — וועט נעמען אויף זיך מיי־נע, דאָס הייסט, אייערע מלבושים — גענוג שוין געליטען . . .

און כהרף עין וואַרפט ער פון זיך די מלבושים אַראָב און ער אַליין פערשווינדט . . .

## ענדע גוט — אַלעס גוט

איז מיט אַמאָל דעם אָרימען אַרענדאַר אויפגעגאַנגען
אַ ליכט אין די אויגען....
האָט ער פערשטאַנען, אַז ער איז שוין אָבגעקומען,
אַז עס האָט זיך געענדיגט די שטראָף...
לויבט ער מיט׳ן גרויס פרייד גאָט אין האַרץ...
און עס בעגייען זיך איהם פלוצלינג די כחות, און ער
שפּרינגט אַרויס פון בעט, חאַפּט אויף זיך די איבערגעלאָזטע
קליידער, און לויפט אַרויס — אַ מחותן צו די אָרימע געסט...
זאָגט גיטעלע מיט אַ ליעבען שמייכעל:
— נו, מיין מאַן, נישט גלייכער אַזוי?
און שיינדעלע פאַלט איהם אויפ׳ן האַלז:
— טאַטישי! אוי, אַ גוטער דו ביסט, טאַטישי!
אָן קראַנקען אָרימאַן האָבען עפּיס אַלע גאָר פערגעסען...

---

# אויף דער פרישער לופט.

(אַ מעשה נורא מיטן רבי'ן ז"ל לעבנ'ס יונגסטע שנור).

פון דער טיעפסטער טיעפעניש, פון אונטערן שאול התחתיה, רייסט זיך איינמאָל אַרויף און שלאָגט זיך אָב אין אַלע שבעה מדורות פון גיהנום אַ קראַצענדיג-פייפענדיגער גרילץ:

— „פייראַנד!"

דאָרטען אויף פאַרהאַן „פייראַנד!"

זענען די לאַפיטוטלעך — די אונטערהייצער פון די קעסלען — אונטערגעשפרונגען פאַר גרויס פרייד: פייראַנד! פריי אויף עטליכע שעה! אַ יומא דפגרא אין גיהנום! און איינער גרילצט איבער צום צווייטען:

— פייראַנד! פייראַנד!

און אַז עמיץ גיט אַ פרעג:

— וואָס אַזוינס?

ענטפערט מען איהם פערדראָסיג:

— שבתי-צבי'ס יאָהרצייט! דאָס הייסט: עס האַרץ! ווי קאָן מען אַזוינס פערגעסען?!

ווערען ראַש צוגעוואָרפען גאַנצע בערגלעך קויהלען צום פייער אונטער די קעסלען; שלאָגען מיט אַמאָל פון די קעסלען גאַנצע וואָלקען פון פרישער פאַרע אַרויס; רייסען זיך פון די קעסלען אַרויס נייע שרעקליכע געשרייען, פון פחד און יסורים רעים...

לאַכען זיי, די לאַפּיטוטלעך: וואַרפֿען, זינגענדיג און פּייפֿענדיג, די פּאַרטוכער פֿון די לייבער אַראָב. נעהמען אויף זיך, מעשה־קונדס, יעדער איין אַנדערע געשטאַלט: ווער פֿון אַ מענש, ווער פֿון אַ חיה־רעה; פֿון איין עוף, צו פֿון אַ ביי־זער פֿליעג אָדער עפּים אַ טמא־קריכענדיגס... און קייכען, איי־נער אויפ׳ן אַנדערן קוקענדיג, פֿאַר געלעכטער. און לאָזען זיך אַרויס און אַרויף אויף דער אויבערשטער וועלט, אויף אַ שפּאַציר, אויף אַ פֿערוויילעניש, אויף וואָס עס וועט זיך טרעפֿען.

פֿייראַנד! — ביז די זון וועט אונטערגעהן, ביז דער גלאָק וועט אין קלויסטער אויף זייער „מעריב״ קלינגען!

אגב, וועט זיך מאַכען אַ געלעגענהייט, אַ בשר־ודם אַ פּיסעל אונטערצושטעלען, אַ נישט געוואָרענט נשמה׳לע אין נעץ אַריינצוחאַפּען — וועט מען זיך מיט דער געלעגענהייט בענוצען. דאָס גיהנום בעלוינט מיט אַ ברייטער האַנד: נישט פֿון איין קעסעל־הייצער איז אַרויס אַ העכט ביז לפֿני ולפֿנים: אַ שר־המשקים ביי ס״ם, אַ שלעפּען־טרעגער ביי לילית׳ן...

פֿרעהען זיך מיט׳ן „פֿייראַנד״ די לאַפּיטוטלעך, שפּרינגען אַרויס און אַרויף, און צולויפֿען זיך אויף ארבע כנפֿות הארץ: זה בכה וזה בכה... עס וועט זיך מעשים טהון. —

אין גיהנום־לוח בין איך נישט בעהאַוועגט: ביי אונז איז אַ שענער זומער־טאָג געווען — און איין לאַפּיטוטעל איז זיך מישב, פֿערשטעלט זיך פֿאַר אַ שען־חנ׳עוודיג, געל־גאָלדיג פֿרעשיל, מיט אַ גרין־סאַמעטענעם אונטערשלאַק, און לאָזט זיך, היפּענדיג און שפּרינגענדיג, אויף איין עקסקורסיע איבער אַ זומער־וואוינונג אונטער אַ שטאָדט, — פֿעהלט איהם, מן הסתם, קיין נחת נישט:

אָט זיצט פֿאַר דער סטאַציע אַ חברה נשים; אָבוואַר־טענדיג מענער אָדער געסט, בייטעלט מען דערווייל די ווייבערשע קלייען: אויף שכנים ושכנות — אסור לדבר, — בעלעקט עס זיך, דאָס פֿרעשיל; עס זעהט שוין בחוש, ווי

די ווייבעלעך הענגען אויף יענער וועלט ביי די צינגלעך, ווי זיי וויעגען זיך, און וויעגען אין אויר... און היפט ווייטער... זיצען אויף אַ וואַרענדע יודעלעך, זומער־לעב — אָהן די קאַפּאָטקעלעך, — אין די לייבצודעקלעך, מאַנכע אין טליתים־קטנים אפילו, און חאַפּען — אַ קערטיל אויף דער פרייער לופט.

שרייט איינער, התפעלות׳דיג:

— מלכּה־מלך־טויז — אַ קווענץ! און לעגט אַ יד־חזקה אויפ׳ן טעציל מיט׳ן געלד אַרויף —

פייפט איהם אוים דער צווייטער; ער האָט:

— אַ רויש! אַ רויש!

ווערט אַ געשרייערײ:

— אַ מזל, אַ מזל פון אַ יוד!

שמעלצט זיך דאָס לאַפּיטוטעל אין פוטער; די יודעלעך וועלען שוין פערגעסען מנחה צו דאַווענען! ער וועט עס געדענקען און אַז עס וועט קומען די צייט, עדות זאָגען...

און ער שפּרינגט, ווי אַ מילגרוים, מיט נחת פול, אין וועלדיל אַריין; פון דאָרט יונגע קולות דערהערט: געלעכטער, שטיקלעך ליעדלעך פון יודישען טעאַטער, פון דער קאַטערינקע אין הויף...

עס לאָזט זיך וואוילגעהן פון בחורים און בתולות אַ בנופיא׳לע!

בגלוי הראש די בחורים (אַ שפּאַס — אזא היץ!), די בתולות — בגלוי עפּים ערגערס... מען געהט שנים, שנים, אויף און אָב געהט מען. צו מען זיצט אויפ׳ן שמעקענדיגען גראָז, אַנדערע — פּרקדן, אויסגעצויגען... און אָט שפּרינגט מען אויף, אַ טענציל וועט מען חאַפּען!

אַ מיידעל מיט צופלאָסענע האָהר האָט גערופען:

— טאַנצען! טאַנצען!

האָבען זיך בחורים און בתולות אָנגעחאַפּט ביי די הענד:

אַ בחור מיט אַ בתולה, אַ בחור מיט אַ בתולה —

און דאָס מיידעל מיט די צופלאָשעטע האָהר רופט:

— ווער וועט זינגען? ווער וועט זינגען! און דאָס קול־כעל איז אָנגעשוואָלען פון יצר הרע, און אין די אייגעלעך פלאַקערן די יצר־הרע־פלעמלעך. געפעלט זי דעם פרעשיל זעהר, זעהר; טייוועלס־קיט דערשפּירט! גיעסען ווילט זיך איהם... שפּרינגט ער נעהנטער צום זוים פון איהר קליידעל צו. דער־זעהט איהם דאָס מיידעל און דערשרעקט זיך, א פּחד פאַלט אויף איהר. לאָזט זי אַ קוויטש אַרויס, אַ שרעקליכען קוויטש, און אַנטלויפט, ווי אַ האָז פאַר׳ן יעגער, אַלץ אינאיינעם קוויטשענדיג, טיעפער און טיעפער אין וועלדיל אַריין; לויפט איהר איינער, אַ בחור, נאָך... — דאָס געבליבענע יונגוואַרג לאַכט, האַלט זיך ביי די זייטען און קייכט, דער בחור מיט דער בתולה — פערשווינדען...

היפּט דאָס פרעשיל לוסטיג און לעבעדיג ווייטער, און ווייטער — עס איז איהם היינט אַזוי פיעל נחת בעשערט, ער וועט האָבען וואָס צו דערצעהלען אין די לאַנגע גיהנום־נעכט, צווישען איין קויהלען־אונטערשיט און דעם צווייטען, און קוקט זיך אום — אַ נייע מציאה: —

איינע אַליין, אַ בלאַסע דאַמע אויף אַ שטיין ביים וועג, אַ בוך אין דער האַנד — אַ היינטיג מעשה־ביכעל; מן הסתם: אַ העכסט־אינטערעסאַנטער ראָמאַן! זי לעזט און שטיל, דריבנע ציטערט איהר לייב. אין די אייגעלעך וועקען און לעשען זיך די גוטע פינקעלעך; די בליצעלעך, די גוטע!

און איבער׳ן בלאַסען פּנים׳ל בייטען זיך, צינדען און לעשען זיך, בליהען אויף, פערגעהען און צוגליהען זיך אויפ׳ם ביי די רעכטע רויטע פלעקעלעך, און צוגיסען זיך איבער׳ן בלאַסען האַלז־און־נאַקען אַראָב... און דאָס הערציל הייבט זיך און פאַלט —

— אָה!

לאָזט זיך אָבער דערוויילי אַראָב די זון — אַ פייערדיגע

קייל אונטערן וועלדיל. די ביימער-שטאַמען גילדען זיך און גילדען, מיט איהר אָבגלאַנץ בעגאָסען...

שטילער איז געוואָרען. און אין דער שטילקייט דערהערט זיך פון נישט ווייטען דאָרף דער גלאָק, זייער מעריב-גלאָק.

די אַרבייט רופט!

פערשפעטיגט ער, ווערט קאַלט זיין קעכיל, פערגליווערט דער פעך, פערפעהלט אין די גיהנום-מהומות זיינע קעסיל-קולות, — ער וואָלט זיך שוין נישט אויסגעקויפט; מלקות איז גאָרנישט!

שפּרינגט דאָס פרעשיל אָב צום וועג, וויל טוישען די געשטאַלט און פערשווינדען, און טהוט עס נישט, און בלייבט שטעהן — —

עס האָט אויף אַ וואַרענדע דעם רבינ׳ס יונגסטע שנור דערזעהן — — —

ווי קומט דעם רבינ׳ס יונגסטע שנור אַהער? אַ מעשה שהיה...

דעם רבינ׳ס יונגסטע שנור, זאָל לעבען, איז, מיט זיין ליעבען נאָמענ׳ס הילף, מיט איין ערשטלינג די ערשטע קינפּעט איבערגעקומען...

אַ יפת תואר — איינע אין גאַנץ קרוין-פּוילען; נאָר אַ שוואַכינקע, אַ ביסעל אַ פערצוויגענע; ביי דער מחותנת, דער מוטער, פון געבוירענדהייט אָן אַ ציטעריגע בת-יחידה געווען. קומט זי אַזוי געשווינד צו די כחות נישט צוריק...

און עסען עסט עס ציפּענדיג, ווי אַ פייגעלע; וויין צום שטאַרקען — נישט איבער די ליפּעלעך; קוים-קוים אַ זופּ פון קדוש און הבדלה... איז זי, נעביך, בלאַס. און שוואַך איז זי, און דאָס קעפּיל, נעביך, דרעהט זיך איהר... ציטערט די מאַמע, און — שלום בית שאין לשער, — ציטערט דער יונגער-מאַן... זיצט ער איבער׳ן ספר און פון די אייגעלעך—

טראָפּען נאָך אַ טראָפּען! רופט מען אַ דאָקטאָר, און נאָך אַ דאָקטאָר, זאָגען אַלע: פרישע לופט...

היינט פערשרייבט מען דאָך נישט; הימעל און ערד און פרישע לופט.

האָט אָבער ער, זאָל לעבען, קיין חשק נישט...

— אַ נסיון — ברומט ער, אַ שטיקעל סכנה, זאָגט ער.

שטעהט אָבער צו דער בן: טאַטעשי און טאַטעשי! און די מחותנת — די מוטער דעם ווייבעל'ס:

— ס'טייטש? צי נעהמט דער רבי אויף זיך אַ נפש? אַזאַ'ן איידעל נפש'ל?!

וואָס טהוט מען מיט אַ זוהן? און מיט אַ מחותנת?...

זאָגט ער צו איהר:

— מוזט איהר מיטפאָהרען, מחותנת, און אַלטוגנ געבען און, חס ושלום, מאַלט זיך עפּיס —

און ער, זאָל לעבען, רוימט איהר עפּיס אין אויער אַריין.

און מען פאָהרט נאָך די איינענע וואָך. דאָס ווייבעל, די מוטער, דאָס קינד מיט דער אַם...

זיצט עס פונקט דאָס ווייבעל, דעם רבי'ן זאָל לעבענ'ס שנור, אויף דער וואָרענדע אין קיהלען שטילען פאַר-נאַכט, און עטעמט די פרישע, שמעקענדיגע לופט. אין שטוב ביים וועגעלע, אין וועלכען דאָס קינד איז איינגעשלאָפען, זיצט די אַם; זיצט און שטריקט איהר זאָק די באָבעשי — און זי אויף דער וואָרענדע קוקט אין עפּיס אַריין... און, קענטיג, אַ שטילען נחת שעפּט זי פון דעם, וואָס זי קוקט אַריין. די אייגעלעך גלאַנצען מיט נחת, דאָס גאַנצע בלאַסע פנימ'ל שיינט, ווי אַ צווייטע לבנה, פון בלאָהען ציפּיקעל אַרויס.

דאָס האָט דאָס ימח-שמו'ניקעל דערזעהן.

— וואָס לעזט אַזוינס דאָס געגאָלטע ווייבעלע זוינ'ם בלאָהען ציפּיקעל? עס איז אַ וואָכען-טאָג, עס איז קיין צאינה-וראינה נישט...

וויל ער צושפּרינגען און זעהן... היפּט ער עטליכע שריט

און ווייטער קאָן ער נישט ... דאָס ספר׳ל לאָזט איהם נישט צו, עס שטויסט איהם אָב.

בעגיסט זיך איהם מיט שווייס דאָס שטערענדיל ... חאַפּט עס אַפּער, און איבער דער פּעל אַריבער, אַ פּיסעל נאָך אַ פּיסעל און קראַצט, און קראַצט, גלייך עמיץ וואָלט אויף איהם מיט זיעבען־יעהריגען וויין־עסיג געטריפט ... גאָר אַוועק וועט ער נישט, און זאָל ער אַפילו פערשפּעטיגען, און ווען כּף הקל ... אזא שטיל־צניעות וועט ער נישט דערלאָזען ...

בּיני לבּיני, דערהערט דאָס ווייבעל עפּיס אַ גערודער פון שטוב. קושט זי דאָס ספר׳ל האַרציג מיט די ליפּעלעך, פער־מאַכט עס און לעגט אַוועק אויפ׳ן טיש. און צושטראַהלט זיך נאָך בּשר׳ער, און ווענדט זיך מיט די צניעה׳דיג־פינקעלדיגע אויגעלעך צו דער טהיר צו. נאָך אויף אַ גרעסער נחת וואַר־טענדיג ...

און דאָס טהיר׳ל פון אינווייניג עפענט זיך שטיל, אָהן אַ סקריפּ, און די אַם, מיט אַ פינגער פון איין האַנד איבער די ליפּען, דאָס הייסט: טסס, ס׳קינדעלע שלאָפט! — שטופּט פאַר זיך מיט דער צווייטער האַנד דאָס קינדערישע וועגעלע אויף דער וואַרענדע אַרויס ... אויף גומענע רעדעלעך, אַ היינ־טיג־מאָדיש וועגעלע, מען הערט קיין שאָרך נישט —

— און די מאַמעשי? — פרעגט דאָס יונגע ווייבעל, קוים הערעוודיג.

צושמייכעלט זיך די אַם, נחת׳דיג:

— בּיים זאָק, בּיים וועגעלע צוקאָפּענס איינגעדרימעלט...

זאָלען נאָר די פליגען לאָזען!

ריהרט זיך דאָס יונגע מאַמעלע, שטיל מיט די ליפּעלעך, צום קינד׳ס שטערענדיל צו:

— אַ גוטע נאַכט, אַ זיסע נאַכט, אונטערן גוטען מלאך׳ס פליגעלע ...

און צוריק פּוהרט דאָס קינד. די אַם פערמאַכט אונטער זיך די טהיר צוריק ... שמייכעלט דאָס יונגע ווייבעלע אַ זיס

פער׳חלומט שמייכעלע איבער׳ן בלאסען פנימ׳ל. און הייבט זיך שטיל, שטיל אויף, און לאָזט זיך, שטיל בעגליקט, צו דער ווארענדע צו. און בויגט זיך, מיט׳ן פולען הערצעלע, איבער׳ן געלענדער אריבער, און הייבט דאָס קעפעלע, מיט די פרום און נחת׳דיג שטראַהלענדיגע אויגעלעך, מיט אַ זיסען דאַנק צום בלאָהען, שטילען הימעל אַרויף... פערזייהט זיך דער בלאהער שטילער הימעל מיט גאָלדענע פינקעלדיגע, שטערענדליך. שטראַה-לען זיי, פינקלען זיי צוריק צום גליקליכען מאַמעלע אַראָב — קאָן עס שוין דאָס פרעשיל נישט אריבערטראָגען; שפּרינגט עס טיעפער צוריק אין וועלדיל אריין. תוך כדי דבור קומט פון דאָרט, צוריק אויפ׳ן וועג אַרויף, אַ יודעלע — אַ געהער, אַ שטעקען אין דער האַנד, דער סחורה-קאַסטען איבער די אַקסעל. און ער שפרייזט, איבער דער ברייט פון וועג, גלייך צו דער ווארענדע צו, רופענדיג:

— קויף עפּים, יונג ווייבעלע — — —

זי זעהט איהם נישט, זי הערט איהם נישט...

— קויף עפּים, מאַמעלע!

„מאַמעלע" דערהערט זי שון. און גיט אַ לייכטען ציטער. ווארפט דער געהער דעם קאַסטען פון די אַקסעל אַראָב, און עפענט זיינע פאַכען, און רעכענט אויס:

— שפּילקעס און נאָדעלעך, האָהר-נאָדעלעך און קע-מעלעך...

— איך דארף נישט. ליעבער יוד!

עפענט ער אַ צווייטען פאַך:

— אָט עלפענביינערנע רייפעלעך, פאַר׳ן יונג קינדעלע אין ביילעכיל אריין — אַ שפּיעלעכיל... און אָט וועלפענע צייג-דעלעך; אַ סגולה, לייכט דאָס ציינדלען איבערצוקומען... און אָט, פאַר איין עין הרע, אויפ׳ן הענטיל—בענדעלעך... זיידע-נע, רויטינקע...

אויף דעם ווארפט שוין דאָס יונגע מאַמעלע איין אויג. זי וויל דאָך זאָגען:

— נאָך צו פּריה, ר׳ יוד ...

אָבער תוך כּדי דבּור, ווי זי האָט נאָר איין אויג געוואָרפן, האָט ער אַ פּאַך אַ נײַם געעפֿענט, און איהר פּאַר די אויגען מיט אַ שנור קרעלען אַ בּליץ געטהון; ווי מילגראָמען גרויסע, רויטע ווי בּלוט... און מיט זיינע אויגען — אַ בּליץ, און מיט אַ קול, אַ היים-אָנרײַדעווּדיגס:

— קויף ווייבּעלע, קויף!

געלאָסען שמייכלענדיג, מאַכט זי אַוועק מיט דער האַנד אויף ניט...

ער טהוט זיינס:

— און אָט פּעריל! מיינט נישט, איין אָרימער שאַכער. אָט בּריליאַנטען אַפילו, און איך גיב אויף בּאָרג! און אַז אַ יונג ווייבּעל פּערלאַנגט, שענק איך אַמאָל... איהר הערט? איך שענק! פּעריל שענק איך, און בּרילאַנטען...

האַקט זי איהם שוין איבּער קאַלט:

— אומזיסט אייערע רייד, ווער איהר זאָלט נישט זיין! געהט אייך אייער וועג. מיין ציערונג שלאָפט אין וועגעלע אין שטוב. מיין טייער ציערונג שלאָפט פון אַ גוטען מלאך בּעשיצט... איך דאַרף אייך און אייער סחורה נישט! געהט, אייך, געהט, ווער איהר זאָלט נישט זיין!

אונרוהיג איז זי דאָך, ווענדט זי זיך אָב און הייבט אָן, אונטערן פרייען הימעל, פאַר׳ן שלאָף קריאת-שמע צו לייענען. ווערט נעלם דער שאַכער, צוריק אין וועלדיל אַריין. און פון דאָרט רייסט זיך פּלוצלונג אַ יונגער בּחור פון די היינטיגע בּחורים אַרויס, לאַנגע פעכיגע האָהר בּיז איבּער די אַקסעל; אויגען, ווי די בּרענענדיגע קויהלען, פלאַמענדיגע; אין איין האַנד עפּיס אַ כּלי, אַ מאָדנע, מיט סטרונעס צום גרימפּלען, די צווייטע — בּיים האַרץ, עס זאָל נישט אַרויסשפּרינגען.

און ער רעדט צו איהר, זיפצענדיג, און זינגענדיג. פון צייט צו צייט אויפ׳ן אינסטרומענט צוגרימפּלענדיג:

— אָ, בּת-מלכּה פון הימעל! — דאָס היינטיגע לשון

פֿין בחורים! — דו פֿערשעמסט מיט דיין זיס בלאַס פּנימ'ל אין הימעל די לבֿנה, און מיט דיינע זיסע אייגעלעך — די שטערענדלעך אין הימעל!

און ווייטער אַ האַפּ צום האַרץ:

— אין האָסט אָנגעצונדען אַ העליש פֿייער אין מיין ברוסט... אַ בענקעניש — אין מיין נשמה!

און שיר השירים קען ער אויך:

— מיט איינס פֿון דיינע אייגעלעך האָסט דו מיך בעהאַרצט; מיט אַ שטראַהל פֿון דיינע אויגען דאָס האַרץ דורכגעשטאָכען און געלעכערט, און אַ וואונד געמאַכט. און עס טריפֿט, און טריפֿט מיין האַרציג בלוט. און נאָר דו, דו מיט דיין זיסער האַנד קאָנסט זי היילען...

זעהט דאָס ווייבעל, נעביך, אַז עס וועט קיין עק נישט נעהמען, האַקט זי די קריאת-שמע איבער:

— נאַרישער בחור, זאָגט זי, נאַרישער בחור מיט אַ מיידעל'שען קאָפּ און אַ כלי-זמר'ישער כלי אין דער האַנד, — איך בין איין אשת-איש, און האָב אַ ליעבען, ליעבען מאַן; פֿון יחוס — אַ פּאָהן און פּער. און אַ תורה-לערנער אַ גרויסער... און איך האָב איהם ליעב, אוי, ווי ליעב! און אַ יונג-מאַמעלע בין איך, אַ גליקליך יונג-מאַמעלע, זיין ליעבער נאָמען האָט מיר אַ קינדעלע — אַ מלאך'ל בעשערט... וואַרף נישט קיין אַרבעס אויף דער וואַנד..

ווערט פֿון בחור צוריק פּראָש...

האָט זיך אָבער נישט דאָס פֿרעשיל אַליין פֿערזוימט; אַנדערע אויך, האָבען אפֿשר בעסערע געשעפֿטען געהאַט... קומט אָנצושפּרינגען אַ יאַשצערקעלע, שטעלט זיך ביים פֿרעשיל אָב:

— איך פֿערשפּעטיגט?

— און אומזיסט! ענטפֿערט דאָס פֿרעשיל פֿערצאָגט. און ווייזט צו'ם ווייבעל צו...

— אַי! איז דאָס יאַשצערקעלע מבטל און מאַכט צום פּראָש:

— ביזט אַ פערד; זיי אַ פערד! אַ רייט־פערד, אַ רייט־פערד פאַר אַ פּריץ, אַ יעגער אַ שטאָלצען.

וכך הוה. פון דעם פרעשיל איז אַ שוואַרץ־כאַמעטען־מיוחס־דיג פערדיל געוואָרען, אָט שטאַמפט עם מיט די דינע פיסלעך, און אַ רייט־געשפּאַן — אַ זילבערנס, מיט גאָלדענע פליטערלעך בעשפריצט.

און פון דער יאַשטשערקע ווערט אַ פּריצ׳ל — אַ יעגער׳ל; הויך און שטאָלץ, און הנ׳עוודיג, ווי שלענגעלעך די וואָנצעלעך.—

שפּרינגט דאָס פּריצ׳ל — דאָס יעגער׳ל אויפ׳ן פערדעלע אַרויף. און גיט אַ ריט איבער׳ן וועג אין דער ברייט, צו דער וואַרענדע צו, און גיט אַ זאָג עלט פּריצישדיג:

- עה, ידיש־ווייבעל — הנ׳עוודיגס! אַ גלעזיל וואַסער ברענג אַרויס!

און אַ פּריץ פאָלגט מען דאָך. ציטערט דאָס ווייבעל און ברענגט אַ גלאָז מיט וואַסער אַרויס, און דערלאַנגט מיט אַ האַנד אַ פערציטערטער. נעהמט דאָס פּריצ׳ל דאָס גלאָז צוזאַמען מיט דער האַנד, און דריקט די האַנד. און אַרויסצודרייסען די האַנד האָט זי נישט קיין כח. און ער קוקט, מיט אויגען פּריצ׳ישע, היים און היציגער און אידרע כשר׳ע אייגעלעך אַריין, די בלעקען דיינע בריהען זי און אידרע ברעמען פאָלגען נישט און פאַלען נישט אַראָב, און זי קוקט, פערכשופ׳ט, איהם אַקעגען —

— — — — —

— — — — —

האָט דאָך ער, זאָל לעבען, עפּיס דער מוטער איינגערימט...

שטעלט זיך אויף דער שלאָפענדיגער מוטערס נאָז אַ פליעג און זומט, און גיט אַ בים...

שפּרינגט דאָס אַלטע מוטער׳ל אויף; וואו די טאָכטער, וואו?

ליפט זי. די ברייל אויפ׳ן שטערן, דעם זאָק אין דער האַנד,

די שפּיזלעך פֿערלירענדיג, אויף דער וואַרענדע צורים, הערזועדט ני, גיט זי:

— „שדי, קרע שטן!“ — אַ געשריי

און שוין —

נעלם געוואָרען דאָס פּריצ׳ל, די ערה האָטן איינגע־שלונגען...

איין אמת׳ע סכנה געווען... אָבער נצול געוואָרען!

---

# דער קרבן.

אַמאָל איז געווען אַ גרויסער שר, וואָס האָט געהאַט אַ פּאַלאַץ צווישען גערטנער בײ׳ם ברעג פון ים.

דער שר איז איין אַלמן געווען, און נאָך אַמאָל חתונה האָבען האָט ער נישט געוואָלט צוליעב די צווי טעכטער וואָס ער האָט געהאַט, שרה און רבקה.

שטעהט אַמאָל דער שר אין פענסטער פון פּאַלאַץ און וויל זעהען, וואָס זיינע אַרויסגעצויגענע טעכטער טהוען. זעהט ער, אַז איינע, די עלטערע, מיט׳ן נאָמען שרה, זיצט אויף אַ גאָרטען-באַנק און העפט. ווייסט ער, וואָס זי העפט. זי העפט אויס, מיט גאָלד און זילבער און גראַנאַטען אויפ׳ן פיינסטען סאַמעט, אַ פּרוכת אין שטאָדט אַריין פאַר דער שוהל. אַ יפת תאר, און אַ בריה נפלאה, די הענדטלעך פליהען בײ׳ם העפטען, און אַ פרומע נשמה דערצו.

און די צווייטע, מיט׳ן נאָמען רבקה, לויפט אַרום צווישען די ביימער פון בלומען, און רייסט די שענסטע און די טייערסטע און פלעכט אַ קראַנץ. ער ווייס, פאַר וועמען — פאַר׳ן ליעבען פאָטער. אַ יפת תאר און אַ געשיקטע, און אַזאַ האַרציגע דערצו. און ער הייבט די אויגען אויף, ווייטער צו קוקען. שוועבען זיינע בליקען איבער׳ן שטילען בלויען ים, און זיין האַרץ וואונדערט זיך: פאַר וואָס זעהט מען

קיין שיפלעך מיט התנים פאַר זיינע טעכטער נישט? ווען וועט ער פון זיי נחת דערלעבען?

און ווי ער קוקט אַזוי, דערזעהט ער: אַ שיפעל גע־נעהנט זיך צו צום ברעג. שטיל ריהרט עס צו. די רודערען הענגען פון די רייפען אין וואַסער אַראָב, און אַ האַנד הענגט פון שיפעל אַרויס, אין וואַסער אַריין. ווער קאָן עס אין שי־פעל זיין, און וואָס האָט זיך איהם געטראָפען, וואָס די רודערס זענען איהם פון די הענד אַרויס, און איינע פון די הענד הענגט אַזוי שטאַר אין וואַסער אַראָב? איז דער שיפער איינגעשלאָפען פאַר מיעדקייט, אָדער אַ שלאַג פון דער זון בעקומען און פער׳חלש׳ט געוואָרען?

אונרוהיג געוואָרען, לויפט דער שר אַראָב, שרייט די דיענער צוזאַמען, איילט מיט זיי צום ברעג פון ים. די טעכ־טער האָבען אויך דערהערט און זענען נאָכגעקומען.

איידער מען האָט אָבגעבונדען אַ שיפעל, אַנטקעגען צו שווימען און צו רעטען, האָט דערווייל דאָס בלאָנזענדיגע שיפעל אַליין זיך צוגעשלאָגען צום ברעג.

אין שיפעל איז געלעגען אַ פער׳חלש׳טער יונגער מאַן.

— אוי, ווי שען! האָט אויסגעשריען רבקה. און שרה האָט זיך שוין מיט׳ן קראַנקען פערנומען, — מען האָט פון פאַלאַץ אַ טראָג־בעטעל געבראַכט, מען האָט דעם פער׳־חלש׳טען, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט דערמינטערען, אויפ׳ן בעט געלעגט און, אויף שרה׳ס בעפעהל, צום פאַלאַץ גע־טראָגען, אין אַ צימער אַריינגעטראָגען...

— איך רייט אין שטאָדט אַריין נאָך אַ דאָקטאָר! — האָט דער שר געזאָגט, און אויגענבליקליך האָבען די דיענער פאַר איהם צוגעפיהרט אַ געזאָטעלט פערד...

— איך וועל רייסען בלומען פאַר׳ן שענעם קראַנקען! — האָט רבקה געזאָגט. אַז ער וועט זיך אויפחאַפען, די אויגען עפענען, זאָל ער בלומען דערזעהען...

שרה איז בײ׳ם קראַנקענ׳ס בעט געבליבען; צוקאָפּענס געזעסען, און שטילערהײד פאַר איהם תּפלה געטהון.

— — — — — — — — — —

עס איז געוואָרען פאַרנאַכט. די זון געהט אונטער און שטילע שאָטענס װעבען זיך צוזאַמען אין קראַנקענס צימער.

אין דער פערשאָטענטער שטילקײט, מיט טיפע רויטע אָבגלאַנצען פון דער אונטערגעהענדיגער זון, עפענט זיך פּלוצלונג די טהיר פון קראַנקען-צימער, און עס בעווײזט זיך ווער, מיט שוואַרצע פליגעל, אין אַ שוואַרץ טוך פערהילט.

— ווער ביסטו, ווער? — פרעגט שרה דערשראָקען, און קאָן פון דער ערשײנונג קײן אויג נישט אָבווענדען.

— דער מלאך-המות! — ענטפעהט דער געקומענער. מען האָט מיך נאָך דעם יונגענמאַנ׳ס נשמה געשיקט...

— אוי, — בעט זיך שרה, לאָז איהם געמאך! זעה, ווי יונג ער איז, זעה, ווי שען ער איז... ער שלאָפט פער-חלש׳ט, און אַ זיסער שמײכעל שפּיעלט אַרום די פײנע ליפּען, אַ זיס, ליעב לעבען חלומ׳ט זיך איהם... זעה דעם אָבגלאַנץ פון גע׳חלומ׳טען גליק אויף זײנע בלאַסע באַקען, אויף זײן זיסען שטערן...

—דו האָסט איהם ליעב בעקומען, מײדעל,—ענטפערט דער מלאך-המות — קויף איהם אויס אויף עטליכע מינוט!

— אויף עטליכע מינוט?... מיט וואָס?

ענטפערט ער אויף דער ערשטער פראַגע נישט נור

— שוואַרצע, — זאָגט ער — לאַנגע צעפּ האָסטו, שענק מיר דײנע צעפּ!

— נעהם! — שרײט שרה אויס.

און דער מלאך נעהמט פון אונטער׳ן שוואַרצען מאַנטעל זײן שאַרף מעסער אַרויס, שנײדט, שרה בלײבט גאָל. דער מלאך פערשווינדט, אָבער נישט אויף לאַנג.

די זון האָט זיך עטוואָס טיעפער געזעצט, אין דער

שטילקייט הערט זיך רבקה׳ס געזאַנג ביים בלומען רייסען;
אַ זיס־האַרציג ליעד זינגט זי, די ווערטער הערען זיך נישט —
און דער מלאך המות בעווייזט זיך צום צווייטען מאָל:

— די עטליכע מינוט זענען אריבער!

— איך וויל נאָך עטליכע מינוט פאַר איהם קויפען, אפשר וועט ער דערווייל די אויגען עפענען...

— דו ווילסט זיינע אויגען זעהען? וואָס גיסטו דערפאַר?

— וואָס דו ווילסט, מלאך!

— פאַרבען דאַרף איך, — ענטפערט דער מלאך. — גיב מיר דעם אַלבאַסטער פון דיין לייב, דאָס פורפור פון דיינע ליפען, דאָס בלויע פון דיינע אויגען...

— נעהם! — ענטפערט שרה.

— אויף אַ פּאָר מינוט! ענטפערט דער מלאך.

— אויף אַ פּאָר מינוט! זאָגט שרה נאָך, שוין איין אויסגעבלייכטע, מיט ליפען בלויע, אויגען פערלאָשענע...

דער מלאך פערשווינדט. און רבקה׳ס געזאַנג קומט פון גאָרטען אלץ נעהנטער און נעהנטער. „זי וועט באַלד דאָ זיין!" טראַכט שרה, און וויים נישט, צי דאָס פריידט זי, צי עס מאַכט איהר שמערץ. נאָר איידער די שוועסטער איז גע־קומען, האָט זיך דער מלאך המות צום דריטען מאָל בעוויזען:

— אַזוי געשווינד? שטאַמעלט שרה.

— ווילסט נאָך צוויי מינוטען קויפען?

— איך וויל!

— שענע צייהן האָסטו?

— נעהם זיי דיר!

ער נעהמט. דער יונגער מאַן עפענט די אויגען נישט אויף, אויף די טרעפּ הערען זיך שוין רבקה׳ס טריט זי לויפט ארויף; אָבער דער מלאך המות קומט פריהער.

— וואָס נאָך זאָל איך דיר געבען? — פרעגט שרה פערצווייפעלט. וואָס פערמאָג איך נאָך?

— אַ נשמה! — ענטפערט דער מלאך — לעבען פאַר לעבען. גיב דיין לעבען פאַר זיין לעבען!

— איך גיב!

— נישט דאָ! — ענטפערט דער מלאך. דו מוזט אין דיין צימער אַריין, אויף דיין בעט זיך לעגען, — אַזוי איז דיר שטאַרבען בעשערט.

— און ער?

— ער וועט לעבען! אויסלעבען זיינע יאָהרען.

שרה וואַקעלט זיך אָב אין איהר צימער אַריין, דער מלאך המות — געהט נאָך.

אין דער זעלבער סעקונדע האָט רבקה מיט געוואַנג די טהיר צום קראַנקען'ס צימער געעפענט און האַסטיג דעם קראַנקען מיט בלומען בעוואָרפען.

און ער, דער קראַנקער, האָט פלוצלינג די אויגען גע-עפענט, פון בעט אַראָבגעשפרונגען, און איז צו רבקה'ן, ווי פון אַ מאַגנעט געצויגען, צוגעפאַלען:

— אָה! ווי שען דו ביסט, כלה!

— אָה! ווי שען דו ביסט חתן!

— — — — — — — — — —

# דער שבת־גוי.

## קאַפּיטעל 1.

עולם־הזה פון קאָרענעם
שקעטאַלע. אַלערליי צייהן.
אַ שווענקעלע.

דער חעלעמער רב — איין אָבגעריבען ספּאָדיקל, אָב־געריסען לאַסטיגען קאַפּאָטקאַלע; אַ קליין יודעלע מיט איין אָפּען גרגרת׳ל און לאַכענדיגע גראָהע אייגאַליך אין איינגעשרימפּענעם פּנימ׳ל — — דאָס גרייז־גראָהע פריילילע רבי׳ל הייבט זיך אויף, צווישען איין סוגיא און דער צווייטער, פערדעקט די אָפענע גמרא מיט די שפּאַקולען פון דער נאָז אַראָב, וליתר תוקף ועוז, — מיט דער פּאַטשיילע פון בוזעם אַרויס, און נעמט זיך, לשם תענוג — צו זיין ביסעל עולם הזה — צום קאָרענעם טאַביק־שקעטאַלע.

אַ שמח בחלקו און אַ מענש אָהן אַ גאַל, שמייכעלט ער צום שקעטאַלע. און קלאַפּט אָן מיט די קליינע פינגערלעך אָן דעקאַלע, פּויקענדיג און פרעגענדיג:

— פערהאַן אַ ביסעלע?

און אַז דאָס שקעטאַלע ענטפערט דעמפיגליך

— פערהאַן אַ ביסעלע, פערהאַן!

עפענט ער עס מיט הרחבה אויף, נעמט מיט די קליינע פינגער־קישעליך אַ ביסעלע פונ׳ם ביסעלע און טראָגט צום נע־זיל צו, און ניט אַ קליין שטאָפּעלע רעכטס, אַ קליין שטאָפּע־

לע לינקס, און נאָך אַמאָל אַזוי, ווערט איהם ליכטיג אין די איינגאַליך, זאַפּט זיך מיט נחת אָן דאָס הערצעלע. לאָזט ער זיך איבער דער בית-דין-שטוב, ממש טאַנצענדיג, גיט ער אָב אַ שבח דעם בורא עולם, ממש זינגענדיג:

— אַי-אַי-אַי, גאָטעניו, אַ גוט וועלטעלע דו האָסט עס בעשאַפען!

און וואַרפענדיג פון פענסטעריל אַ בליק אין מאַרק אַריין, ווערען איהם די איינגעלעך פייכט.

— וואָס פאַר אַ פיינע בריאה׳לעך עס דרייהען זיך אויף דיין ווערלטעלע אַרום! יודעלעך און, להבדיל, אַ נ ד ע ר ע...

אַי-אַי-אַי! מענשען גאָלדענע, סאַמעטענע, זיידענע...

פאַלט עמיץ פלוצלינג אַריין:

— רבי, געוואַלט!

דערשרעקט ער זיך:

— וואָס איז דיר געשעהן אַזוינס, יענקעלע?!... יענקעלע?

ער קען איהם! גאַנץ חעלם קען דער רב, כמעט ביי אַלע סנדק געווען... און אַז ער דערזעהט אַ צובלוטיגט מויל ביי יענקעלען:

— אוי, אוי, יענקעלע, ווער האָט דיר שלעכטס געטהון, יענקעלע?!

זיצט שוין יענקעלע אויף דער באַנק פון פאַר׳ן בית-דין-צדק-טיש מיט די הענד די פערבלוטיגטע באַקען צוהאַלטענדיג, און וויעגט זיך, ווי אַיין אומרוה רעכטס און לינקס אין דער ברייט, זאָגענדיג:

— אוי, דער שבת-גוי, רבי! דער שבת-גוי!

גאַפט ער דער חעלעמער רב:

— ווי קומסט דו, אין דער וואָכען צום שבת-גוי, — יענקעלע?!

— אַ בעשערטע זאַך, רבי-לעב... ד׳גייה, איבער׳ן מאַרק גייה איך מיר... ווי מיינט איהר, רבי-לעב? ליגט מיר אין

זין דער שבת-גוי ? טראַכט איך פון אַ שבת-גוי ? ווענען פרנסה טראַכט אַ יוד ! מיט ליידיגע הענד וועל איך קומען אַהיים ! וואָס וועט די פלונית'טע, טראַכט איך, זאָגען... די ארורה מיינע... איהר קענט דאָך זי, רבי-לעב ! קומט ער אַקעגען, דער שבת-גוי. דערזעה איך איהם, שכור-ניסלעך קנאַקט ער זיך... און עפּיס קונציג אַזוי — אַ וואָרף מיט דער האַנד דורכ'ן אויר, פונקט אין מויל אַריין, אַ קנאַק, און וואַרפט שוין מיט די ליפען רעכטס און לינקס די שאָלעכצער. האָב איך מיך אָבגעשטעלט, קוק איך אויף זיין בריה'שאַפט.
גלייכט ער זיך אויס מיט מיר, זאָגט ער :
— יענקעלע, עפען ס'מויל, יענקעלע !..
מילא, בעט אַ גוי, עפען איך... און געמיינט האָב איך, רבוניי, ער וויל מיר שכור-ניסלעך וואַרפען אין מויל אַריין. —
עפען איך — נעמט ער, רבי, די פויסט און גיט מיר אַ זעץ אין די צייהן אַריין !
צעוויינט ער זיך נאָך מעהר, יענקעלע :
— אוי, דער רוצח, דער רוצח...
איז עס אָבער דעם חעלעמער רב נישט ניחא.
גייהט ער נענטער צו און מוסר'ט איהם :
— דאָס האָב איך נישט ליעב, יענקעלע ! ווי זאָגט מען עס, גלאַט אַזוי, אויף גאָט'ס אַ בעשעפעניש – רוצח ?! ...
— ער האָט דאָך מיר דריי צייהן אויסגעהאַקט ! צוחליפעט זיך יענקעלע, ווייזענדיג די צייהן.
קוקט דער רב און שאָקעלט מיט'ן קעפּעלע און זאָגט, נישט גלייבענדיג !
— זאָג דעם אמת, יענקעלע, ס'איז ד י י נ ע צייהן?
— וועמעס דען, רבי ? נאַט, רבי, זעהט !
און ער עפענט דאָס מויל און ווייזט איהם די לעכער...
קוקט דער רב און גאַפט :
— הפלא ופלא, — זאָגט ער נאָך אַ ווילע, — אַ יוד זאָל האָבען אַזוינע צייהן...

— אַ וואָסערע דען צייהן האָט אַ יוד ? — פרעגט יענקעלע אַ ביסעל שוין דערשראָקען.

— נאַ, זעה! ענטפערט דער רב און ווייזט איהם זיין אַלט מעבעל אין אַלטען מויל – אַנדערע האָבען לחלוטין נישט קיין צייהן, סיי־ווי־סיי, נישט אַזוינע צייהן! ד׳בין דאָך נישט קיין היינטיגער, נישט געזעהען אַזוינע צייהן ביי׳ן אַ יוד אין מויל!

און קלערען זעצט ער זיך דער רב; צוויי שאלות מיט אַמאָל:

— ווי קומען אַזוינע גרויסע געזונטע צייהנער צו׳ן אַ יוד?

און — דער שבת־גוי, וואָס האַקט ער עס אין פרעמדע צייהן אַריין?

קלערט ער און קלערט ביז ער שפּרינגט אויף:

— אַהאַ!

דאָס הייסט — דערגאַנגען:

— האָ בהאָ תליא, יענקעלע! איינס אָן צווייטען ווענדט זיך עס.. דו זאָגסט גלאַט אין דער וועלט אַריין „רוצח!״, אויף גאָט׳ס בעשעפעניש — „רוצח״! נישטאָ קיין רוצחים. עס זאָלען זיין רוצחים אויף דער וועלט, וואָלט די וועלט, חס ושלום, קיין קיום נישט געהאַט! אלא מאי? אַ מעשה שהיה פערצייהלסט דו דאָך, און איך גלייב דיר, און איך זעה דאָך די אויסגעהאַקטע צייהן, איז די מעשה, פערשטייהסט דו מיך, אַזוי —

און ער חאַפּט אַ ביסעל אָטעם און פערטייטשט:

— שולדיג יענקעלע, זענען טאַקי דיינע צייהן!

שפּרינגט יענקעלע אין דער הייך:

— היתכן, רבי, מיינע צייהן? און דער ערל?

— גאָר אין גאַנצען פּטור איז ער נישט, דאָס, יענקעלע, זאָג איך נישט! דער עיקר חיב אָבער זענען דיינע צייהן, דאָס הייסט: נישט־דיינע צייהן..

– וואָס טיימש ?

— לייג צו קאָפּ , יענקעל ! דער ערל איז בטבע אַ מזג־טוב . . . שכור־ניסלעך געהאַט , דיך דערזעהן , האָט ער דיך באמת געוואָלט מהנה זיין, מכבד זיין... „עפּען ס׳מויל !", זאָגט ער . . . אַריינוואַרפען וויל ער : זיי האָבען דאָך ליעב וואויל־מאָג און קינצעלעך ! אָבער אַז דו , יענקל , האָסט געפּאָלגט , און ער האָט דערזעהן גאַנצע צייהן . זיינע צייהן , הייסט עס , אין דיין מויל . . . פערשטייהסט דו דאָך : איין אינו ישראל , אין דיין מויל זיינע צייהן , ווערט ער אונטערגעצונ־דען ! און איין אינו ישראל , אַז ער ווערט אונטערגעצונדען , וואָס זאָל ער טהון ? זעצט ער מיט דער פויסט !

— פאָלג מיך , יענקעלע , — ענדיגט דער רב — מאַך קיין עסק נישט דערפון . . . גייה אַהיים צו דיין פלוגית׳טע, זאָג איהר , איך האָב געהייסען , בפירוש געהייסען , זי זאָל דיר מאַכען אַ שווענקעכץ פון פייגען . . .

פאָלגט יענקעלע , גייהט אַוועק , און דער רב רופט איהם נאָך :

— און דאָס אַנדערע מאָל , אַז איין ערל הייסט דיר עפענען דאָס מויל , עפען אַ ביסעלע . . . נישט מעהר ווי אַ ביסעלע , אַ שפּאַרעלע ! ער דאַרף גאָר נישט זעהן , אַז אַ יוד האָט צייהן . . .

## קאפיטעל 2.

נאָך אַמאָל קלעפּ. דער רב וויל
מתפלל זיין אויף אַ האַלב ברויט.
איין עצה טובה.

גייהט דער חעלעמער רב צו זיינע סוגיות צוריק, לערנט געשמאַק און שעפּט נחת פון דער הייליגער תורה. און חאַפּט פון צייט צו צייט אַ ביסעלע פונ׳ם ביסעלע עולם הזה אינ׳ם קאָרענעם שקעטאַלע... און דאָס האַרץ פון תענוג וואַקסט!

— אוי, אַ וועלטעלע, אַ וועלטעלע...

און וואַרפט ווייטער אַ בליק, דורכ׳ן פערגרינטען אַלטען שייבעלע, פון פענסטעריל אין בית־דין־שטוב, צום מאַרק אַרויס...

— און מענשעלעך, גאַטעניו, סאַמעטענע, זיידענע...

ענדיגט ער די שבחים נישט. ווייטער אַריינגעפאַלען יענקעלע. נאָך קיין חודש נישט אַריבער.

גאַפט ער, דער רב:

— וואָס ס׳האָט זיך מיר גע׳חלום׳ט די נאַכט, יענע נאַכט, — וואָס איז ווייטער, יענקעלע?

— דער שבת־גוי! רבי, אַלץ דער שבת־גוי! — שרייט יענקעלע — און פאַלט אויף דער באַנק אַנידער, מוסר׳ט איהם דער רב מיט לייטזעליגקייט:

— אַ פּגר־רע דו ביזט, יענקעלע! וואָס קריכסט דו אַלץ צום שבת־גוי? קיין רוצח, חלילה, איז ער נישט, אָבער גלאַט אַזוי — נאָך וואָס טויג עס דיר?

— פון הינטען איז ער מיר אָנגעקומען, רבוניו...

פערענטפערט זיך יענקעלע — פון הינטען, רבי־לעב! איך גייה מיר דורכ'ן געסיל, רביניו, אַהיים... אַ ברויט האָב איך פאַר מיין הויזגעזינד געטראָגען, פאַר ווייב און קינדער־לעך אַ ברויט געקויפט, זיין ליעבער נאָמען האָט אַ ברויט בעשערט! אונטער'ן אָרעם טראָג איך עס... קריג איך פּלוצלינג הינטען־אַרום אַ זעץ אין קאָפּ אַריין, בין איך אומ־געפאַלען, חלש איך, האָב איך מיך קוים אויפגעהאַפּט, — זעה איך, גייהט דער שבת־גוי אַוועק מיט'ן פולען מויל און קייט, און דאָס ברויט ליגט מיר פאַר די פיס אָבגעביסען — נאַט, זעהט, רביניו — — אוי דער קאָפּ, דער קאָפּ! —

און ער ווייזט דאָס ברויט דעם רב און חאַפּט זיך אָן ביים קאָפּ.

בעטראַכט דער רב דאָס ברויט און זאָגט:

— דער קאָפּ איז אַ קלייניגקייט, פון אַ זעץ, חלילה, שטאַרבט מען נישט! אָבער זעה, יענקעלע, ווער האָט רעכט געהאַט?

אָט זעה — צייהן! אַ ערל, זעה, האָט צייהן! זעהסט? אַ ביס, און מיט אַמאָל אַ העלפט פון ברויט! איך וואָלט עס נישט געקאָנט!...

— יאָ, רבי! איז מודה יענקעלע, אָבער מיט'ן רוצח וואָס וועט זיין?! חעלם איז אין סכנה!

בלאָזט דער רב פאַר זיך:

— אַי — י — י!

— און מיין נישט, יענקעלע, — ווענדט ער זיך צו איהם — אַז איך האָב קיין צער נישט דערפון... איך וויים, וואָס אַ האַלב ברויט, ביי'ן אַזאַ יוד ווי דו, מיט אַזוי פיעל פיילעכלעך אין שטוב, בעטייט... עס וועט דיר טאַקע,

נעביך, פעהלען . . . עס זאָל זיך ווענדען אָן מיר, זאָג איך דיר בהן צדקי, איך וואָלט בפירוש געהייסען, קהל זאָל דיר אָבקויפען אַ האַלב ברויט . . . פאַרוואָס נישט ? . . . טאַקע, אָרים קהל, אָבער — אַ יוד האָט היזק געהאַט און פון אַלעמענס שבת־גוי ! און אַ האַלב ברויט איז גלאַט קיין סכנה נישט . . . קהל וועט נישט בדלות . . . ווייסט דו דאָך, איך האָב קיין ד ע ה נישט . . .

צושרייט זיך יענקעלע:

— אַזוי ? . . . הייסט עס, לית דין ולית דין . . . דער רוצח וועט אַרומגייהן פראַנק און פריי !

— רוצח, ענטפערט דער רב געלאַסען, איז פאָרט לאו דוקא . . . ך'האָב דאָך דיר איינמאָל שוין געזאָגט: די וועלט וואָלט, חס ושלום, קיין קיום נישט געהאַט ! נישטאָ קיין רוצחים . . .

— אלא מאי ? פרעגסט דו ?

— שולדיג, זאָג איך דיר, יענקעלע, איז דאָס ב ר ו י ט ! „על פת לחם — שטייהט אין די ספרים, — יפשע גבר." קענסט דאָך די קליינע אותיות — אַ מענש זינדיגט איבער אַ ביסען ברויט ! . . . און אַלע: אַ יוד איז עובר אויף „לא תחמוד" . . . אַמאָל אפילו אויף „לא תגנוב" . . . אַ גוי, להבדיל, אויף „לא תגזול" . . . אַמאָל טאַקע אויף „לא תרצח !" אויך, אָבער נישט פון דער טבע . . . אַלץ דאָס ברויט ! דו ווייסט גאָר נישט, יענקעל, אַ יצר־הרע עס שטעקט אין ברויט. הגע בעצמך, זאָג אַליין, יענקעלע, ווען נישט דאָס ברויט, וואָס וואָלט געאַרט אַ שבת־גוי, אַז יענקעלע דרייהט זיך אַרום אויף דער גאַס, שפייזט זיינע עופ'לעך און לויבט גאָט ? האַ ? אָבער אַז מען דערזעהט ברויט . . . אַז יענקעלע טראָגט אַ ברויט ! יאָ, יענקעלע — פערשטייהסט ! צוקיי עס גוט ! . . .

און דער רב גייהט צו, לייגט יענקעלען די הענד אויף די אַקסעל און זאָגט מיט גרוים רחמים:

— ווייסט דו וואָס, יענקעלע? דו ווייסט דאָך, איך בין איין עניו, בטבע איין עניו... און האָב נישט ליעב יענע זאַכען... פונדעסטוועגען, דיר וועל איך עס טהון, דיר צוליעב! און, ווייסט די וואָס? איך וועל מתפלל זיין אויף א האַלב ברויט פון דיינעטוועגען!

— א דאַנק, רבוניו! שפּרינגט יענקעלע אויף דער־פרייהט, און וויל אַרוים פון שטוב.

— נור הער, יענקעלע, שטעלט איהם נאָך אָב דער רב, — מעהר זאָלסטו קיין ברויט, וואָס זיין ליבער נאָמען וועט דיר בעשערען, אָפען און בפהרסיא נישט טראָגען; מען דאַרף נישט אויפרייצען דעם יצר הרע... האָסט א פאָלע — פערדעק!

## קאפיטעל 3.

**א ווייב מיט א קאָציובע.**
**א מעשה פון הינטער'ן**
**באָד.**

גייהט יענקעל בערוהיגט אַוועק פון רב, און קומט נאָך א קורצער צייט צוריק מיט אַ געוואַלד צום דריטען מאָל, און ווייטער דער שבת־גוי.

— דאָס איז שוין — זאָגט דער רב — למעלה מן השכל. א ייד זאָל זיך במשך פון איין זמן טרעפען דריי מאָל מיט אַ שבת־גוי — און דערביי דריי מאל געשלאָגען ווערען! עס לייגט זיך גאָר נישט אויפ'ן מח!

— עס שטעקט עפּיס דערינען! — זאָגט ער — און ער קנייטשט איין דעם שטערן און הויבט אָן חוקר ודורש צו זיין:

— האָסט איהם געוויזען צייהן?

— חס ושלום, רבי! אַז איהר האָט נישט געהייסען?!

— געהאַלטען ברויט בפּהרסיא?

— ווער ברויט, ווען ברויט, רבי?

וואָלט ער געהאַט ברויט, וואָלט ער גאָר צו דעם אַלעם נישט געקומען... ער איז אַהיים געגאַנגען אָהן ברויט... האָט איהם די פלונית'טע בענגעגנט מיט דער קאָציובע... איז ער אַנטלאָפען, איז זי איהם נאָכגעלאָפען... איז ער פון

דער שטאָדט אַרויס, צום באָד געלאָפען... אַ יודענע, פון שטאָדט אַרויס לויפט זי נישט... קומט ער בשלום אונטער'ן באָד אַרונטער, ליעגט דער שבת־גוי אין גראָז; שפּרינגט ער אויף, דער'הרג'ענען וויל ער איהם. אויפ'ן סאַמע־ראָדנע מויט, זאָגט ער! און שלאָגט, — קוים זיך אויסגעריסען...

— ווייסט דו וואָס, יענקעלע, — מאַכט שטיל דער רב, נאָך אַ פערקלערטער ווײַלע, — וועסט מיר מוחל זיין, איך גלייב נישט!

חאַפּט יענקעלע פון זיך אַראָב די קאַפּאָטע:

— רבי, אַזוי גרויס גאָלד, ווי גרויס צייכען בלאָהע...

און וויל זיך אויסטהון אין גאַנצען; לאָזט נישט דער רב:

— שוטה'לע, נישט דאָס מיין איך, — מאַכט דער רב, — דאַרפסט דיך גאָר נישט אויסטהון... לשיטתי גייה איך נור, איך קאָן גאָר נישט גלייבען, דער שבת־גוי, — גאָט'ס אַ בעשעפעניש, זאָל גלאַט זיין אַ רוצח! אַ רוצח דאַרף גאָר נישט זיין במציאות... און זאָג אַליין, יענקעלע, היכא דמי, — רוצח? דו וואָלסט געקאָנט זיין אַ רוצח?

יענקעל זאָגט: ניין!

— איך אויך נישט! — זאָגט דער רב.

און פערטראַכט זיך, און חאַפּט זיך נאָך אַ ווײַלע אויף:

— אַהאַ.

„דערגאַנגען!" הייסט עס, און ער צושמייכעלט זיך און זאָגט:

— ווייסט דו וואָס, יענקעלע?! הער, וואָס איך וועל דיר זאָגען!

און ער שטעלט זיך אויף, און זייערט מלה במלה:

„אונטער'ן באָד, זאָג איך דיר, יענקעלע, מוז זיין דאָס אָרט, וואו קין, ווי אין דער תורה הקדושה שטייהט, האָט גע־טייט זיין ברודער הבל". —

„און דאָס אָרט, האָבען מיר אַ קיימא־לן, איז מסוגל

לרציחה, בפרט, איז עס אַ סכנה פאַר אַ בן=נח, וואָס קאָן זיך בטבע נישט איינהאַלטען" —

עפּענט יענקעלע מויל און אויערן:

— אַה!

— וואָס? שמייכעלט דער רב — עס לייגט זיך אויפ'ן שכל?

מן הסתם! אַז איך זאָג, זאָג איך! אַ מכה=שולדיג איז דער גוי!

— פאָלג=זשע מיך, יענקעלע, מאַך דיר נישט דערפון. ווילסט דו, רוף אַ פעלדשער, אַ ניט לייג אַליין צו קאַלט וואַסער.

— און שבת, איך מיש מיך אַפילו נישט אין קהל=זאַכען, אָבער בשעת סכנה — שבת, אם ירצה השם, לאָז איך אויסרופען אין שוהל אין בית המדרש, דער עולם זאָל ווייכען דעם הינטערן=באָד!

—און אפשר וועלען די בעל=בתים איבערטראָגען דאָס גאַנצע מרחץ... אין שטאָדט אַריין, אין מאַרק אַריין... נישט גלייכער, וואָס? איז עס אָבער שוין נישט מיין זאַך! אַ גוטען טאָג, יענקעלע...

## קאפיטעל 4.

די אסיפה. יענקעל מוז
אוועק. דעם שבת=גוי —
הוספה. —

איז אָבער נישט אַוועק קיין גאַנצער חודש און יענקעל איז געקומען נאָך אַמאָל...

די צייהן נישט געוויזען, קיין ברויט נישט געטראָגען, אונטער'ן באָר נישט געווען אין צובראָכענע ביינער האָט ער. —

אונטער דער שוהל האָט ער איהם דערטאַפּט, דער שבת=גוי...

מוז שוין דער רב מודה זיין:
— אוי אַ גזלן! טאַקי ממש אַ גזלן!
און „אַ סכנה פאַר גאַנץ חעלם..."

— פאַר מיר, למשל, נישט. איך קום נישט אַרויס מפתח ביתי... נאָך וואָס? אָבער — גאַנץ קהל!

— וואָרום — זאָגט ער — וואָס ביזטו עס מעהר פון איין אַנדערן חעלעמער יוד? דו הייסט יענקעל, איין אַנדערער הייסט גרוינעם; אין נאָמען תענדט זיך עס נישט. און איך וויים גאָר נישט, צי דער שבת=גוי ווייסט, ווי עמיץ הייסט?

ווי עס רופט זיך דער, ביי ווען ער נעמט די לייכטער אראָב . . .

— מוז מען שוין — זיפצט ער אָב — איין אַסיפה מאַכען . . . יאָ . . .

— און ווייסט, דער עיקר, פאַרוואָס איך האָב מורא, יענקעלע ?

— פאַרוואָס, רבי ?

— פאַר'ן יום־כפור'דיגען פאַר־נעילה !

איין ערל קומט אין שוהל אַריין, אָנצינדען די נעילה־ליכט, קען ער חרוב־מאַכען חעלם. אימברענגען, חס ושלום, די גאַנצע קהלה מיט אַמאָל !

און ליעב האָט ער, — דער רב „אומר ועושה“ !

שבת הענג'ען שוין אין מקום קדוש קווייטליך גרויסע, מיט אותיות שרייענדיגע :

איין אַסיפה וועט זיין ! אַ סכנה פאַר דער שטאָט !

אַ סכנה — קומען זיך צונויף די קאַרפען־קעפ, איילען זיך די טיזליקים, זיצט מען קאָפּ אויף קאָפּ — —

— זאָגט־זשע, וואָס, רבי־לעב . . .

— זאָל יענקעלע, זאָגט ער, פערציילט . . .

זאָגט יענקל זיין עדות. פערציילט דער רב, ווי עס איז איהם אָבגעפאַלען אַ סברא נאָך סברא . . . און אַז גרעכט איז געבליבען יענקעלע — —

— אַ רוצח — שרייט יענקעלע, — אַ רוצח !

ציטערט „אַ פיש אין וואַסער“ . . .

— וואָס־זשע טהוט מען, רבינו ?

נישט לאַנג ווארטען לאָזט דער רב, און זאָגט אַזוי :

— איך זאָל, זאָגט ער, האָבען אַ דעה ביי קהל . . .
מען זאָל מיך באמת פרעגען, וואָלט איך אַזוי געזאָגט :

יענקעל זאָל קודם כל, און טאַקי באַלד מאָרגען, אם ירצה השם, און גאָר בענינען טאַקי ערגיץ אַוועק . . . וואָרען

אויף איהם האָט ער שוין אַ חזקה דער שבת־גוי... מעהר ווי אַ חזקה, אַ כיון דדש...

ולהשיב אפו, כדי מציל צו זיין קהל פון סכנה, זאָל מען דעם שבת־גוי געבען הוספה:

אַ גרעסער שטיק קוילימש, צוויי טרינק בראָנ־פען, איך ווייס? אולי ירחם!...

— — — — — — — — — — — —

איהר לאַכט?

און דאָך שטעקט אין יעדען פון אונז אַ שטיק חעלע־מער רבי



# נישט פער׳משפּט.

## 1—אין פאָדער־הויז פון עולם האמת.

ענדיגען, מיינע ליעבע לעזער, וועט זיך די מעשה גאָר אויף אַ הויך אָרט; אויף אַ געהויבען אָרט, וואו טויט און לעבען זענען אויף משקולת—אין קרייז־געריכט.

פאר׳ן רויט געדעקטען טיש, מיט די גאָלדענע טראָלבען און קוואַסטען...

פאַר דאָס אָנהייבען הייבט זיך עס אָן ז י י ה ר אָרים, ז י י ה ר ש פ ל ׳ ד י ג—

אין מושב זקנים;

אינגאַנצען איין שטוב, מיט אַ פּרייסיש ווענטעל אויף צוויי העלפטען אָבגעטיילט—פאַר זקנים בעזונדער און פאַר זקנות בעזונדער (אין אונזער פרומער שטאָדט בעגראָבט מען אפילו בעזונדער!), האָט יעדע העלפט אַ פענסטער צו דער גאַס און אַ טהיר צום הויף אַרויס.

זיצען זיי (איין ליביל דער געוועזענער לאַנד־שדכן מיט די פערגליווערטע פיס—ליעגט), זיצען זיי, די פעראייניזאַמטע זקנים און זקנות אינ׳ם פאָדער־הויז פונ׳ם עולם אמת; פון דער גאַנצער וועלט פערגעסען, נור פון דער פרומער „צדקה״ נישט פערלאָזט. און ציילען זייערע איבעריגע פערשאָטענט־קריכע־דיגע, טויבליך־בלינדליכע טעג און גרייטען זיך...

איינמאָל—עס פאַלט צו די נאַכט.

דער משרת, וואָס האָט דו מאָהלצייט געברענגט, האָט די לאָדען פערמאַכט; געוואָרענט, מען זאָל, צו דער רעכטער

צייט, דאָס ליכט פערלעשען, און הינטער זיך די טהיר פערמאַכט...

די זקנים וזקנות דערזופען מיט די בלאַסע ליפען די פישיויך, צודריקען, מיט די מיילער אָהנציייהן, די ווייכע שטיקלעך ברויט, וואָס שווימען אַרום אין די טעפליך, (די גאַל=געוואָרענע „גרינע" דוואָשע, איין אַמאָליגע גרינהענדלערין, מאַכט נור מיט'ן מויל; נישט זי געדענקט, נישט זי זעהט אין סדור די גרעסטע אותיות, נישט זי הערט, ווי יענער בענשט!) און באַלד זיך צו דער לאַנגער קריאת=שמע מיט'ן גרויסען „על=הטא" גענומען.

אָבגעלייענט, אָבגעקלאַפּט מיט די ציטעריגע פויסטען אין די מאַטע הערצער אַריין און—געלייגט זיך (אויסער ליביל שדכן, וואָס ליעגט)—קרעכצען...

און ביסליכוויז — שנאָרכען און חלומען...

חלום'ט מען אַמאָל פון אַמאָליגע טעג. רופט זיך וועמען איין אַלט מיחוש אָן, קרעכצט מען; פערבלאָנדזעט זיך אין מיעדען מח אַ זכר פון איין אַמאָליגען זומער=טאָג, גליטשט זיך דורך אַ שטראַהל איבער אַ גערונצעלט פאַרמעטען פנים... מעהרסטענטיילס אָבער חלום'ט זיך י ע נ ע זייט, בייטען זיך שאָטען פון אימה ופחד: דער מלאך המות מיט זיינע טויזענד אויגען קומט צו חלום, די ריטער, די אַייזערנע אין מלאך=דומה'ס האַנד, די וואָגשאָל פאַר'ן בית=דין=של=מעלה וויעגט זיך פאַר די אויגען...

אַ דאגה, פאַר וואָס מען שרעקט זיך אין פעדער=הויז פון עולם אמת...

און אין גאַס פלוצלונג:

— טראַך!

און געהאַקטע שויבען קלינגען...

— אוי=אוי! וועקט זיך איין אַלטער אויף.

הערט זיך נאָך פון גאַס,—אַ געלייפעריי, אַ געפייפעריי, און אַ געזאַנג:

„ברויט פאַר אַלע, —"
„די בעקער צוטריבען!"
און טראַך — ! אַ געקלאַנג פון גלאָז!
„ליכט פאַר אַלע!"
„לאָמטערן צושלאָגען,"
„קיין גאַנצער געבליבען!"
און נאָך אַמאָל:
— טראַך! און ווייטער געפּלאַצטע שויבען...
און נאָך אַמאָל, און נאָך אַמאָל, און אַזוי איבער דער גאַנצער גאַס...
זענען שוין אַלע וואַך. זעצט מען מיט אַראָבגעהאָנגענע פיס פון די בעטען און מען ציטערט.
איין גרינע דוואָשע הערט נישט...
זיצען די מענער מיט ווייסע אויגען אין דער פינסטערניש אַריין, אין טויט־שרעק איינגעהילט.
קלאַפּען די ווייבער, וואָס ליעגען ביים פּרייסישען ווענ־טיל, צו די מענער אַריין:
— מאַנספערשווינען, וואָס טהוט זיך עס אין גאַס?
ענטפערן זיי נישט, די מאַנסלייט, — עס קלאַפּט אַ צאָהן אָן אַ צאָהן.
שרייען די ווייבער:
— מאַנספערשווינען, איהר זענט דאָך מאַנספערשווינען, זאָל ווער פון אייך אַרויסגייהן, זאָל ווער אַ לאָדען עפענען און אַרויסקוקען!
— זאָל עמיץ פון אייך זעהן, וואָס אין גאַס טהוט זיך.
— די וועלט גייהט דאָך אונטער...
די מאַנספערשיינען שווייגען.
ליבול דער לאַנד־שרבן, וואָס קאָן זיך נישט אויפזעצען, זוכט מיט אַ פערציטערטער האַנד שוועבעלעך, דאָס ליכט, וואָס שטייהט ביי זיין בעט אָנצוצינדען, און געפינט נישט.
נישטערט ער און וואַרפט נאָך אַראָב דאָס ליכט מיט'ן

מעשענעם לייכטער פון טישער.

גיט א קלונג, גיבען זקנים וזקנות א ציטער, חאפט זיך אויף די לעצטע — די בלינד־טויבע גרינגע דוואַשע, און הויפט פלוצלונג אָן זאָגען: „גאָט אברהם"; דאָס איינציגע, וואָס זי געדענקט.

שלעפט זי מיט זיך די ווייבער מיט; זאָגען אלע מיט א ודוי־קול, מיט שרעק און הארציג געוויין: „גאָט אברהם".

גיסען זיך שטילע טרעהרען אפילו פון די מענער־אויגען.

און אין גאַס האַקט מען לאַמטערן מיט געזאַנג...

דערהערט זיך פלוצלונג פון גאַס א טראָמפייט — —

די לאַמטערן־האַקער, צושפרייטען, צולויפען זיך. די טראָמפייט קומט נעהנטער און נעהנטער, שווערע, שווערע טריט הערען זיך שוין פון גאַס... מען גייהט און מען טרעט.

— סאָלדאַטען! —רופט זיך אָן לייבל שדכן כמעט דער־פרייט... זקנים זקנות ווערען עטוואָס רוהיגער.

קאָמאַנדירערט מען אין גאַס:

— נאַ — פלע — טשאָ!

ווערט א געקלאַנג פון איבערגעלייגט געוועהר, און די טריט דערווייטערן, און דערווייטערן זיך, און פערהילכען ערגיץ, אין דער צווייטער, אין דער דריטער גאַס...

ווערט אין מושב זקנים שטיל און — קאַלט...

ציהען די אַלטע לייט צוריק די פים אין די בעטען אריין; ציהען זיי די קאָלדרעס איבער די קעפ און ציטערן שטילער..

ציטערן זיי אין דער פינסטער, און טראַכטען.

— וואָס קאָן עס זיין! וואָס איז געווען? וואָס וועט זיין?

און שלאָפען איינציגווייז איין אָהן א תשובה...

ערשט אין דער פריה האָבען זיי די תשובה בעקומען.

אויפגעוועקט האָט זיי א ווייטער שאָס; און באַלד איז דער משרת מיט'ן אָנבייסען איז שפעטער אריינגעקומען, און געזאָגט:

— רעוואָלוציע!

## 2—אויפ'ן הויף, רעוואָלוציע מיט אַ געגוזען־פּיפּיקעל.

איז אַ שענער, וואַרימער טאָג, זיצט מען אויפ'ן הויף. העלפט דער משרת אַרויסטראָגען דעם לאַנד־שדכן מיט'ן געלע־גער, זעצט מען זיך אַרום געלעגער.

ליבול, דער געוועזענער חברה־נושאים־שמש, אַ שטיקעל מיוחס אויף דער קוליע, זעצט זיך פון די עם־הארצים אַ ביסעל אָבגערוקט, אָבער אַלע זיצען, אויסער, אַז עמיץ קאָלערט זיך אין גאַס אַריין, אַ האַנד אויסצושטעלען. היינט נישט: אַ סכנה.

דער משרת האָט פאַר'ן אַוועקגייהן געזאָגט:

— געוועלבער וועלען זיין פערמאַכט, די טראַמוויים וועלען נישט גייהן, דראָזשקעס — נישט פאָהרען... עס וועלען זיין דעמאָנסטראַציעס מיט רויטע פאָהנען. און פּאַטרולען וועלען אַרומגייהן מיט אָנגעלאָדענע ביקסען; און שיסען...

ווערט אַ זקנה בלאַס:

— פאַרוואָס?

פאַרוואָס קומט צו שיסען?

פערבייסט דער לאַנד־שדכן די ווייכע דינע ליפּען:

— עס קומט!

— און מענשען — זאָגט משה־חיים שטאָלץ — שטעלען זיך איין דאָס לעבען!

משה־חיים איז דער יונגסטער און דער געזונדסטער. איהם איז נור אַ מאָלטער ענטלאָפען, דאָס ווייב—געשטאָרבען, און די רעכטע האַנד טריקענט איהם; ער קאָן מיט דער נאָדעל נישט פיהרען, אָבער אַזוי — נאָך אַ גאַנצער מענש.

— און וואָס ווילען זיי, די מענשען דיינע? פרעגט דער לאַנד־שרכן פערביסען.

— איך ווייס, וואס זיי ווילען! ענטפערט משה־חייט. און פינטעלט אַרום מיט רויטליכע אויגעלעך און שמייכעלט זיך אין ציעגען בערדעל אַריין.

זאָגען וועט ער נישט. מישטיינס געזאָגט: פגרים־מתים...

מאַכט אָבער דער לאַנד־שרכן:

— או — הום...

דאָס הייסט: ער איז מסופק, צי יענע ווייסען, ומכל שכן, צי משה־חייט ווייסט...

„וואָלט ער אַזוי געלינקט געווען, ווי ער ווייסט"—זאָגט משה־חייט...

„אויף די בעלי־בתים גייהט עס!"

און ער קאָן זיך שוין נישט איינהאַלטען:

— די רוצחים, דעם גאַנצען עולם הזה פערחאַפּט!

— אַזוי? מאַכט דער לאַנד־שרכן.

— עולם הזה פעהלט איהם, דעם חייט! — קרומט זיך אַ זקנה...

— פאַרוואָס נישט? — שפּרינגט אויף משה־חייט—מיין נשמה איז אַ לעמעשקע? ד'קאָן נישט פערדרייען?

וואָלט ער אַזוי געלינקט געווען!

און זעצט זיך צוריק, ווייטער וואָרטשענדיג:

— אַלץ האָבען זיי צוגענומען, די מערדער! מיט פיש־יויך שפּייזען זיי אונז... זיי קימט אַלץ! — די הייזער, דאָס געלד, דאָס ציהרונג, די מלבושים...

ווער בויט הייזער? דער מולאַר! וועט מאַכט ציהרונג? דער גאָלדשמיעד: און מלבושים ווער מאַכט?

— איך!

גיט ער אַ קלאַפּ אין דאַרען האַרץ אַריין, אַז עס קלינגט אָב.

און דער לאַנד־שרכן פרעגט:

— און געלד ווער מאַכט ?

משה־חייט ווערט ווי פערבליפט ; ליבול דער געוועזענער חברה־נושאים־שמש מאַמלעט .

די מ . . . מ . . . ממשלה .

שפרינגט אויף משה־החייט :

— אַ טראָם טויג טאָקי נישט !

ווערט אַ צושראָקען געמורמעל .

— צורעדט זיך . . .

— ס׳מויל זאָל איהם הינטען שטייהן .

— לאָז שוין זיין גענוג !

דער לאַנד־שרכן האָט אָבער קיין חשק נישט ;

— און די ממשלה , זאָגט ער , שיסט !

זאָגט דאָס הייטיל בייזליך :

— כל־זמן דער זעלנער פאָלגט !

— דאָס מוז ער ! רייסט זיך מיט אַמאָל פון אַלע מיי־לער אַרויס . אויף דעם איז ער דאָך סאָלדאַט !

גיט זיך דאָס חייטל נישט אונטער :

— וואָס מיינט איהר , שוטים , בעלי־בתים דיענען ?

זיי קויפען זיך אויס , די אַלפּרווישים ! און גיט זיך ווייטער אַ קלאַפּ אין האַרץ אַריין :

— מיר דיענען ! מען וועט שוין זעהען !

אין די אויגען ווערען איהם נאָך אָנגעצונדענער , דאָס ציגען־בערדעל ציטערט !

— דעם גאַנצען עולם הזה וועט מען זיי צונעהמען . .

און דער גיפטיגער לאַנד־שרכן פרעגט :

— דו אויך ? און וואָס פאַר איין עולם הזה פעהלט דיר , טרוקענע האַנד ?

פערטראַכט זיך משה־חייט אויף אַ ווילע און צולאַכט זיך :

— צינד ?

— עס צופט — זאָגט ער — ביים האַרץ ! און קלערט ווייטער און רופט אויס , וואָס ער וואָלט צינד געוואָלט .

אַ גענזען פּיפּיקעל!

— שׂכל האָט ער! — מאַכט דער לאַנד־שדכן.

קומט אַלע מיט אַמאָל וואַסער אין מויל אַריין... חזר׳ן זיי איבער יעדער פאַר זיך אין דער שטיל:

„אַ גענזען פּיפּיקעל ——",

די טויבע אפילו האָט אויך דערהערט און מאַכט מיט פּייַכטע ליפּען:

— אַ גענזיל־פּיפּיק׳ל..."

און ליבול, דער געוועזענער חברה־נושאים־שמש, זאָגט אויך נאָך:

— אַ גענזיל־פּיפּיקעל...

ווערט אויפס ניי אַ געמורמעל:

— עס צופּט טאַקע אין די נעדערים...

— זאָלען זיי אַזוי לעבען, די בעלי־בתים, צי מען קאָן אויסקומען אַ זומער־טאָג מיט׳ן ביסעל פּיש־יויך און די פּיצלעך ברויט...

— אין האַלב גנב׳עט אַוועק דער משרת...

— לאָ׳מען זיך טאַקע דאָס לעבען דערהאַלטען!

— מיט׳ן ריח אַליין — וואָלט איך מיר די נשמה דער־האַפּט...

און אויפ׳ן ראַנד פון קבר, אין פעדערהויז פון עולם־אמת, האָט זיך פלוצלונג אַריינגעחאַפּט דער יצר הרע. עס האָט זיך צופלאַקערט די תאוה צו עפּיס גוטס... די ווייס־ליכע אויגען הייבען אָן גלאַנצען; די אַראָבגעלאָזטע אונטער־שטע ליפּען—ציטערן, און די גענעצטע מיילער שרייען זיך הייזע־ריגליך איבער:

— אַ פּיפּיקעל... אַ פּיפּיקעל... אוי, אַ גענזען פּיפּיקעל, אוי, אַ פעט גענזען פּיפּיקעל... אַ שמעקענדיגס...

אין די הענד ציהען דרייערס און צווייערס, און גרעש־לעך פון קעשענעס און ביועמס אַרויס.

אָבער—ווער וועט גייהן? ווער וועט גייהן?

— איך נישט! זיפט אָב דער לאַנד-שרכן.
שרייט גריינע: איך!
וויל מען נישט:
— חס ושלום! ז'וועט נישט דערגיין, וועט נישט דער-
ריידען... און וועט אין מיטען פערגעסען — אָהן זכרון, א בהמה...
וויל משה חיים גייהן, וויל מען אויך נישט:
— מיט איין האַנד — מיט א לינקער? ער וועט פער-
ליערען! מען וועט איהם אַרויסשטויסען...
רופט זיך ענדליך אָן ליביל שמש:
— איכע...
אַזוי רעדט ער.
ער איז דער עלטסטער, דער שוואַכסטער, גייהט אויף
קוליעס... און עס ווערט א גערופעריי:
— יאָ: יאָ! ער איז א מבין!
— דער גאַרקיכער קען איהם און וועט איהם נישט נאַרען.
— אָבער כמעט בלינד... וויל עמיץ איינווענדען.
— קען די שטאָדט אויסעגוויינען...
— גייהט דאָך אויף א קוליע...
— זאָל זיין א קוליע, אבי א מבין...
העלפט מען איהם, זיך אויפהייבען. דערלאַנגט מען איהם
די קוליע אין דער האַנד אַריין, און ער גייהט; דעם קאָפּ, ווי
וויית מעגליך איז, אויפגעהויבען. מיט דער קוליע, נישט אָהן
גאוה, קלאַפּענדיג. און דער עולם רופט נאָך:
— זעהט, זעהט! ער גייהט!
— נור קלויב אוים, ליבול!
— בעט איהם — א רעכט פּיפּיקעל.
— און איינפּאַקען זאָל ער; אין א פּאַפּיער —
— אין א סך פּאַפּיערען!
— און צובינדען מיט א שטריקעל —
— למען השם!...
— און פערליער נישט...
ביז ער פערשווינדט.

## 3—קאָסטראָמער גבורים און ליביל שמש

דארף א קאָמפּאניע קאָסטראָמער, הויכע, ברייט-פּלייציגע סאָלדאַטען גייהן איבערפיהרען ארעסטאַנטען פון צירקעל-ארעסט אין טורמע אריין.

שטייהען זיי, אויסגעשטעלט מיט שארף-אָנגעלאָדענע ביקסען פּאר א יונגען אָפיציר מיט שפּיציגע וואָנסעלעך און אייגעלעך, וואָס זאָגט זיי אָן, ווי אַזוי זיי זאָלען זיך בענייהן אויפ'ן וועג מיט'ן „וונוטרענני וראג!"

דער „וונוטרענני וראג" — דער שונא פון אינערוויינג איז דער פּאָלאַק און דער יוד...

דער יוד איז נאָך געפעהרליכער!

בעווייזט זיך א קוים-קוים-שמייכעלע אונטער די וואָנסען פון די קאָסטראָמער רייזען: „יידעלעך" און „געפעהרליך"... עח-מא! פליגעלעך אזויגע...

זאָגט אָבער דער אָפיציער, אַז „שדים שטעקען אין זיי!"...

קינדער פון וויעגען גייהען ארויס אויף דעמאָנסטראַציעס. אַלטע גייהען; פון די בעטען, פון די שפּיטעלער ארויס!

אזא איינגעוואָרצעלטע שנאה ברענט אין זיי צו דער רוסישער מלוכה; אזא פערקרעקטער האס — צו דער הייליגער צערקווע...

פליגען—און, אַז מען דארף, ווערט פון זיי לייבען, מיגערן... זיי מאכען זיך נור שוואך, ווי ביים „פריזיוו", פער-

שטעלען זיך אזוי, א חיטרע פאָלק די אַנטי־קריכטען!
און — מיט באַמבים גייהען זיי!
ווערען שוין די פּנים׳ער פון די ריעזען פינסטער. הילען זיי זיך אין שטרענגע שאָטען איין. אין די קינדערישע אויגען צינדען זיך שלעכטע פייערלעך אָן; דריקען די לאַפּעס די ביקסען פעסטער.
און קאָמאַנדירערט מען:
— מאַרש:
גייהען זיי מיט פעסטע טריט און א נאָך א פעסטערן ווי־סען, וואָס צו טהון...
נעמען זיי אָב אַרעסטאַנטען פון צירקעל: אַלט און יונג, פרויען און קינדער — און פיהרען זיי, ערנסט און שטיל־שווייגענדיג, און נישט אין גאַנצען אָהן שרעק, איבער דער גאַס צו דער תּפיסה —
קומט אקעגען א יוד, גלאָצט מען די אויגען אויס:
„ווי שטיל ער גייהט... ער טאַפּט מיט די פיס, ווי מיט הענד, ער שלייכט זיך... ער האַלט עפּיס אין ביידע הענד: און אזוי זאַכט... און אזוי ווייט פון זיך"!
גיט מען איהם א רינגעל־אַרום מיט א מאָל — —
זאָגט דער פיהרער:
— גיב אַהער!
ליביל פאָלגט נישט.
וויל מען נעמען, ער לאָזט נישט! רייסט מען, ליביל שמש ראַנגעלט זיך:
— מאָיע, מאָיע—שרייט ער—ראַזבאָיניקי!...
קוים די בלינדע אויגען האָבען דערזעהן, אז עס זענען סאָלדאַטען. וויל ער שוין אוועקוואַרפען דאָס פּעקעל, דער־הערט ער ערשט איין אנגסט־געשריי:
ניע בראָסיי!
גיט ער א צאַפּעל און קריגט מיט א שטיק אין דער נאָז...
פיהרט מען איהם, מיט די אַרעסטאַנטען צוזאַמען, מיט׳ן

אראָבגעהאָנגענעם נאָז=פלינעל, צוריק אין צירקעל אריין...

ליינט מען דאָס פעקיל אויף אַ גרינעם טיש און מען שיקט נאָך סאַפּיאָרען...

קומען זיי, טרעטען אַלע אָב. בינדען די סאַפּיאָרען וואַלט דאָס שטריקעל אָב, עפענען דאָס פעקיל מיט פערציטערטע הענד און געפונען, איהר ווייסט שוין וואָס...

## 4—נישט פער'משפט.

מאכט מען א פראָטאָקאָל:

— נישט געפאָלגט דעם פאַטרול... געוועהרט זיך...

בעליידיגט דעם פאַטרול: „ראַזבאָיניקי" געזאָגט.

פון פיפיקעל קיין וואָרט נישט דערמאַנט; איינגעשלינגען,

נישט געוואָרען!

און מען האָט געשריבען, גע'חתמ'עט. אוועקגעשיקט, וואו

מען דאַרף... ליבלין, וואָס א דאָקטאָר האָט פערנייהט דעם

נאָז-פלינעל, האָט מען אויך אָבגעשיקט וואו מען דאַרף.

נאָך עטליכע חדשים, קומט זיך דאָס אַלץ צוזאַמען אין

„סוד"...

ליביל, די קאָסטראָמער: צוויי פון זיי אַלס היטער, די

רעשט אַלס עדות און — דער פראָטאָקאָל...

אַלץ—אויסער דעם פיפיקל. —

זיצען, ביים רויטען טיש די אדונים שטרענג.

— פרעגט דער פרעדסיעדאַטעל:

— ביסט מודה?

שווייגט ליביל... ער הייבט נישט אָן צופערשטייהן.

ברומט א סודיאַ:

— ער וועט נישט ענפערן!

דער קטיגור:

— פערקרעקט!...

הערט מען אויס די עדות...

זאָגען זיי: טאַק טאָטשנאָ!
„עפּיס אַ פּעקיל געטראָגען... נישט געפּאָלגט... גע-
האַפּערט זיך... געזאָגט: „ראָזבאָיניקי"...
פרעגט דער סניגור, דער אַדוואָקאַט הייסט עס:
— וואָס פאַר אַ פּעקיל?
זאָגט איין עדות:
— ד'וויים נישט... אָבגעגעבען אין צירקעל.
— וואו איז עס אַהין געקומען?
ברומט אַ סודיאַ:
— יודאַליך — אַרויסגעגנביט...
און דער פּראָקוראָר:
— דערויף זענען זיי שוין בריה'ם!
וויל דער אַדוואָקאַט ווייטער פרעגען, ווינקט זיך דער
פּרעדסיעדאַטעל איבער מיט די חברים, און זאָגט שטרענג:
— דאָס געהער נישט צו דער זאַך!...
— נישט דאָס צירקעל ווערט געמשפּט! זאָגט ער.
לאָזט דער אַדוואָקאַט דעם קאָפּ אַראָב און הייבט אָן, צו
בעטען רחמים:
— רבותי, איהר זעהט דאָך: איין אַלטער...
ברומט מען:
או—הו! די שנאה וואַקסט מיט די יאָהרען!
און מען צוווערטעלט זיך: דער מליץ יושר מיט'ן
פּראָקוראָר:
— אויף אַ קוליע... זאָגט דער אַדוואָקאַט.
— אַזוי קומען זיי צום פּריזיוו אויך! לאַכט דער פּראָ-
קוראָר.
— און טויב איז ער, און בלינד —
— געמאַכט... גאַנץ יידישליך...
— אַ האַלב טויטער!...
לאַכען שוין אַלע...
ווערט שוין דער אַדוואָקאַט בייז. ער איז דאָך עפּיס

אויך אַ מענש מיט אַ דעה,--גיט ער אַ געשריי צו ליבלין אויף רוסיש לשון:

עה, זשיד, פּאַדנימי סוואָיו פּאַלקו...

פערשטייהט דאָך ליבול נישט אַ וואָרט, רופט מען צו אַ מבין אויף יידיש-לשון, זעצט ער איהם איבער:

— מען הייסט, ליביל, דו זאָלסט אויפהייבען די קוליע דיינע.

מוז ער.

האָט ער דאָך אָבער קיין כח נישט, ציטערן איהם דאָך די הענד, און די קוליע איז אַ שווערע... שלעפּט ער, אז מען הייסט!

שלעפּט ער און הייבט, און הייבט און גיט מיט אַמאָל אַ פאַל אַנידער...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

קורץ און בקיצור:

מען האָט'ם נ י ש ט פערמשפּט!



צווייטע אָפּטיילונג:
(משלים).

# קין און הבל.

1.

אמאָל איז געווען אַ קין, אַמאָל איז געווען אַ הבל; צוויי ברידער זיינען זיי געווען.

דער ערשטער קין און דער ערשטער הבל.

האָט הבל געהאַט גאָט אין האַרץ, געהערט זיין שטים ביי זיך אין די נירן און האָט זיך קיין גאָט ניט געזוכט.

דאַגעגן קין, אָבוואָל דער עלטערער, האָט נאָר די בענקשאַפט צו גאָט געהאַט; האָט ער אַ וואַנדערשטאָק גענומען און איז געגאַנגען זוכן גאָט, אויף וועג און שטעג.

„גאָט מוז זיין גרויס, אומגעהייער גרויס; שטאַרק, אויסטערליש שטאַרק מוז ער זיין!" — אַזוי האָט קין געטראַכט.

און אַז ער האָט דעם ערשטן, אומגעוויינלאַך גרויסן, שטאַרקן פעלז אויף זיין וועג געטראָפן, איז ער אויף די קני געפאַלן און פון האַרץ אַרויס אַ געשריי געטאָן:

— אָט איז גאָט!

און פול פאָרכט, דאַנקבאַרקייט און ליבשאַפט צום גאָט, וואָס האָט זיך אים באַוויזן, פאַלט ער פאַרן פעלז אויף די קני און בעט מיט פאַרציטערטע ליפן:

„לאָז מיך אייביק זיין נעבן דיר, גאָט, מיין גאָט!"

„דערווייטער מיך ניט פון דיר, דו קוואַל פון גרויסקייט און מאַכט..."

אַ ווינטל בלאָזט און רוישט אינדערשטיל —

דערהערט קין אינם ווינטל גאָטס וואָרט; פֿאַרגעמט ער זיינע רייד אין געריוש —
גייט הבל פֿאַרביי, רופֿט ער אים באַגייסטערט צו;
— ברודער, קום צו און זע באַשיינפּערלעך גאָט!
— ברודער, דאָס איז גאָט! און איך, דיין ברודער קין, בין דיין נביא און, —
„אַזוי זאָגט גאָט" — —
ער ענדיקט ניט!
הבל שטעלט אַרויף אַ פֿוס אויפֿן פֿעלז:
ער טרעט אויף גאָט!
שפּרינגט קין אויף און לאַפּט דעם וואַנדערשטאָק, און טייט זיין ברודער הבל, וואָס האָט געלעסטערט גאָט...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

„בלוט פֿאַר בלוט" איז דאָס געזעץ.
לויפֿט אַ ווילד־טיר פֿון וואַלד אַרויס און צערייסט קין'ען, וואָס האָט זיין ברודער הבל געטייט. —

---

## 2.

„בלוט פֿאַר בלוט" איז איין געזעץ;
„געשטאָרבן איז עמיץ, עמיץ זאָל לעבן!" — דאָס צווייטע!
און אַ נייער קין ווערט געבוירן; און — אַ נייער הבל.
האָט הבל גאָט אין האַרצן און זעט ניט גאָט; קין — נאָך דאָס פֿאָרגעפֿיל פֿון גאָט און אַ ברענענדיק בענקשאַפֿט צו אים, — זוכט ער גאָט אין וואַלד און פֿעלד.
„גאָט איז לעבן, גאָט איז פֿרייד!"
איז דיין געדאַנק.
„געזאַנג איז ער און בליאונג... אויסער גרויס און שטאַרק!"

געפינט ער אַ בוים — אַ ריז אין וואַלד, און פאַלט אויף די קניען פאַר גאָט:

„ווי גרויס דו ביסט, גאָט; די הימלען שפּאַרסט דו אונ-טער. און שטאַרק,—צוואַנציק ריזן נעמען ניט אַרום דיין שטאַם:

„און ווי דו בליסט, גאָט; דאָס ביסטו די בליאונג אַליין!"

און ווי זיס צעגיסט זיך דער געזאַנג אין דיינע צווייגן,— לאָז מיך רוען אין דיין שאָטן, גאָט"...

„און אַז אַ ווינטל בלאָזט און די בלעטער הייבן אָן צו רויען, הערט קין די שטים פון גאָט און פאַלט אויף די קניען.

גייט הבל פאַרביי:

„זע, ברודער, גאָט: און איך, דיין ברודער, בין דיין נביא:

„אין די אייערן רוישט מיט זיין געזאַנג; ביזן האַרץ אַריין— זיין קלינגעדיק וואָרט...

און — אַזוי זאָגט גאָט...

וויל הבל ניט הערן גאָטס וואָרט; שטרעקט ער אויס זיין האַנט און כאַפּט אָן אַ צווייג פון בוים.

— איך בייג אַראָפּ דעם קאָפּ פון גאָט; איך רייס אים ביי די האָר:

און רייסט אויס, און צעוואַרפט אַהויפן בלעטער פון גאָט.

פאַלט הבל, דער גאָט-לעסטער, פון קינ'ס הענט דערוואָרגן; אַנטלויפט קין, דער ברודער-מערדער, צום ים, פאַרפליצט אים אַ וואַל:

„בלוט פאַר בלוט!"

---

## .3

„געשטאָרבן קין און הבל, לעבן זאָלן קין און הבל!“
און ניי־געבוירן, קומען זיי צוריק אויף דער וועלט.
האָט הבל גאָט אין האַרץ און זוכט אים ניט.

און קין האָט איינמאָל גאָט אין חלום געזען; און איז דער חלום פֿאַרשוואונדן, האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט נאָך מיט אַ גרעבער, ברענענדיקער בענקעניש צו גאָט.

און אַ שניצער איז שוין קין געווען. מוז ער זיך אויסשניצן דעם גאָט, וואָס ער האָט אין חלום געזען.

פֿאַרווירקלעכט מוז דער חלום ווערן; צוריקקומען און אייביק בלייבן מוז דער פֿאַרשוואונדענער טרוים!

ער קאָן אָן גאָט שוין ניט לעבן!

נעמט ער מיט זיך מעסער, האַק, הובל און זעג און גייט אין וואַלד אַריין.

דעם שטאַרקסטן, העכסטן בוים קלייבט ער אויס; און דער פֿאַלט אונטער זיין האַק, און ווערט דערנאָך מיט האַק, הובל און מעסער באַאַרבעט...

אין טעג און נעכט טרעט קין פֿון דער אַרבעט ניט אָפּ. פֿון די שפּענער האָט ער זיך אַ פֿייער, צום וואַרימען און קאָכן געמאַכט; פֿון אָפּגערייניקטן שטאַם זיך זיין גאָט געשניצט...

און עס איז אַרויס אַ גאָט!

דער גאָט, וואָס האָט זיך אים אין חלום באַוויזן, וואָס ער האָט אין שלאָף געזען...

אין גרויסע אויגן האָט ער אים געמאַכט — גאָט זעט פֿון עק וועלט ביז עק... אָבער ניט גלייכע אויגן:

קוקט איין אויג לייטזעליק און באַשענקענדיק־ליב — גאָט איז אַ גוטער! —

דאָס צווייטע — שטרענג, — אַ ריכטער איז גאָט אַ שטרענגער אין באַשטראָפֿט יעדע זינד!

אין איין האַנט האָט ער אים אַ הענגעל־טרויבן

אַריינגעשטעלט — פּרוקטבאַרקייט איז דער גוטער גאָט!

די צווייטע האָט ער אויף אַ פּויסט פאַרשניצט און זיין האַק אין דעם פּויסט אַריינגעשטעקט — דעם זינדיקן אָפּצושרעקן; גאָט שטראָפט!

און פּאַרטיק איז געוואָרן דער גאָט, און ער האָט אים אויפגעשטעלט און — פאַלט פאַר אים אויף די קני!

— אָ, גאָט!

ווי ליב האָב איך דיך, גאָט, מיין גאָט! און ווי פאָרכט איך מיך פאַר דיר!

— און איך בין דיין נביא, גאָט!

איך האָב דיך געפונען!

און איך וועל דער וועלט זינגען דיין לויב און שאַלן דיין קראַפט.

איבער דער ברייטער וועלט וועל איך דיין נאָמען צוטראָגן; ווי שמעקנדיקער בוימאייל וועט זיך, אָ, מיין באַשעפער, דיין נאָמען צוגיין — —

און בעטן בעט ער זיך!

„רייד מיט מיר, גאָט!"

פליט, איבער זיין, צו גאָטס פיס פאַרזונקענעם קאָפּ, אַ מחיה וואַנדער-פויגל פאַרביי; רוישן זייערע פליגל אין דער לופט; הערט ער גאָטס רייד צו זיך אין גערויש.

גייט הבל פאַרביי.

— הבל, זע באַשיינפּערלאַך גאָט! און —

„אַזוי זאָגט גאָט! — —"

— דיין באַשאַפענער באַשעפער? — פאַלט אים הבל אין די רייד אַריין מיט שפּאָט.

— האָסט אַ בוים אויסגעהאַקט, ביים פייער פון זיינע שפּענער דיך געוואַרימט און דיין שפּייז געקאָכט, און דו קניסט פאַרן טויטן אָפּגעשיילטן שטאַם, וואָס דו האָסט, לויט דיין אייגן בילד, געמאַכט?

דערקענסט דו דיך ניט, קין, אין דיין גאָט?

און זע, איך שפּיי אויף דיר און אויף דיין עבענבילד — דיין גאָט!

— גאָט — שרייט קין אויס אין ברענענדיקן צאָרן — פֿאַרשטאָפּ דאָס לעסטער־מויל, באַנוץ דיין האַק פֿאַרן זינדיקנס קאָפּ!

און ער פֿאַלט נאָכאַמאָל אויף די קני:

— ער איז מיין ברודער, גאָט! פֿון איין טראַכט זיינען מיר אויף דער וועלט אַרויס, דיזעלבע בריסטן האָבן אונז גענערט, — נאָר הי ביכט מיר טייער, גאָט, געהעכטער גאָט — און איך בעט, און איך פֿאַרלאַנג פֿון דיר: שטרעק אויס דיין האַנט און שטראָף!

— און ווילסטו ניט? מוז איך עס טאָן; איך, דיין נביא, דיין קנעכט!

און שפּרינגט אויף; און מיט דער האַק פֿון גאָטס האַנט אַרויס, האָט ער דיין ברודערס קאָפּ געשפּאָלטן...

---

## .4

און ווייטער איז אין גאָטס נאָמען אַ ברודער־מאָרד געשען.—

און „בלוט פֿאַר בלוט" איז דאָס ערשטע געזעץ; „דער, וואָס ניט, קומט צוריק" — דאָס צווייטע.

„קין און הבל געשטאָרבן; לעבן זאָלן קין און הבל".

און אַזוי וועט זיין, אייביק זיין. -

---

# דער מלאך.

### אויפגעבליט האָט דער מזרח־שטרייף.

שווער אָטעמט־אויף דאָס פעטע שטיק פעלד, מיט טוי באַדעקט.

אין שטאַל בלעקט דער אָקס, וואָס וויל אויפן פרייען אַרויס.

און באַלד עפנט זיך די טיר פון הויז; דער ערדמאַן באַווייזט זיך אויף דער שוועל.

אָפן איז די שטאַרקע ברוסט; פאַרשאַרצט די ריזיקע הענט.

מיט אַ קלאָר, ליב און דאַנקבאַר אויג בליקט ער — אַרויף צום צעשמייכלטן הימל, אַראָפ צו זיין פעטער שפּייזערין — ערד, און הערהערנדיק די שטים פון געטרייען אָקס, צעשמייכלט ער זיך:

— איך גיי, ליבער, געטרייער אָקס!

ניט לאַנג האָט געדויערט, און דער אָקס איז שוין צום אַקער געשפּאַנט.

אונטערן אַקער שטייט דער ערדמאַן, דריקט דאָס מעסער טיף אין דער ערד אַריין, און דער אָקס ציט אוים האַלז און קאָם צום ערשטן שריט.

באַווייזט זיך פלוצלונג אַ מלאך פון הימל, ציט־אוים זיין פייערדיקן שווערד איבערן אַקער, צווישן אָקס און מענטש...

און אין די אויגן פון מלאך זיינען שמערץ און ליבשאַפט צוזאַמענגעגליט; באַרמהערציקייטן און דראָאונג.

און פייערליך ווענדט זיך צום מענטש דער מלאָך, און באַ־פעלט, און שטאָלערן קלינגט זיין שטים דערביי:

„פאַרלאָז דיין אָקס, דיין אַקער, דיין פעלד און גיי!"

און אַז דער ערדמאַן חייגערט זיך דערשראָקן, קלינגט נאָך האַרטער דעם מלאַכס שטים:

„און ווערסטו ניט גערנוויליג גיין; טרייבן וועל איך דיך!"

„ווילסטו דיין שפייזערין־ערד ניט פאַרלאָזן, פאַרשליס איך איר טראַכט, און זי וועט דיר איר שפּראָצונג ניט געבן".

„ווי אייזן וועט זי ליגן אויסגעשכרייט פאַר דיינע אויגן און אָנזאָגן וועל איך די הימלען, און זיי וועלן איבער איר קיין טראָפּן רעגן ניט לאָזן; קיין טראָפּן טוי".

„און ווערסטו מיט שרעק פון דיין ערד אַנטלויפן, און אין דיין שטוב, פאַר מיר און פאַר מיין געבאָט, זיך באַהאַלטן—"

„שיק איך מיין בליץ און צינד אָן דעם דאַך איבער דיין קאָפּ...

„רוף איך פון אַלע עקן וועלט ווינטן צוזאַמען, און זיי וואַרפן איבער דיר די ווענט פון דיין הויז".

„און ווערסטו נאָך ווידערשפּעניסטיג זיין, און אַלץ ניט אָפּרייסן זיך פון דאָס דייניקע, און פון דיין האָב־און־גאָב.—"

„ווינק איך צו די ווילדע אין סטעפּ, אין שטויביקן וואָלקן קומען זיי געפלויגן, און באַפאַלן דיין האָב־און־גאָב..."

„און אין דיינע אויגן קוילן זיי דיין אָקס און דיין שאָף און רינד, און פרעסן זייער פליישו!"

„דו מיט ברענענדיקע אויגן ווערסט עס צוזען, און פאַר־הונגערט בלייבן!"

„און דיינע זין און דיינע טעכטער וועלן זיי באַצווינגען;
מיט פייכטע שטריק בינדן, און פאַ־ זיך טרייבן, אויף קנעכט
און דינסטן צו פאַרקויפן — און קיינס וועט צו דיר שוין צו־
ריק ניט קומען, — די אויגן וועלן דיר אויסגיין, וואַרטנדיק
אומזיסט!"

— דו מוזט גיין!

— וואו אַהין — ? פרעגט דער ערדמאַן פאַרציטערט.

„גאָט האָט דיך אַלס זיין שליח אויסדערוויילט, און דו וועסט
גיין איבער דער וועלט שאַלן, און רופן זיין נאָמען!"

„איבער דער וועלט וועסטו גיין!"

„נע ונד וועסטו זיין".

„און אָן וועג און שטעג וועסטו גיין; איבער דערנער שאַרפע
און שטיינער שפּיציקע, באָרוועס וועסטו וואַנדערן; אייביק בלוטיקן
וועלן דיינע באָרוועסע פיס..."

„און אַז דו וועסט מיד ווערן און זיך אָפּשטעלן, דעם אָטעם
נור־צו כאַפּן וועל איך אָנצינדן די ערד אונטער דיינע פיס, און
זי וועט דיך טרייבן!"

„וועל איך דיך פון הימל פאַרפאָלגן מיט דונער און בליץ".

„און בלוטיקע שונאים וועל איך אויפשטעלן אונטער דיר,
און זיי וועלן דיך מיט זייערע פיילן יאָגן... דאָס ווילדע טיר
וועל איך רופן אויף דיר פון וואַלד, און עס וועט דיך טרייבן..."

„און צו איין אָפּרו, צו אַ הערבערג וועסטו לעכצן:
„און וואו אַ טיר, וועסטו אָנקלאַפּן און בעטן זיך: לאָזט מיך איבער
דער שוועל!" און וואו אַ פענסטער: באַכטלעגער פאַר אַ קראַנקן
וואַנדערער, בעטלען—"

„און טרייבן וועט מען דיך פון אומעטום!"—

„מיט שאַנד און שפּאָט טרייבן, מיט קלעפּ און שלעג — ווי
אַ קרעציקן פון ישוב אַרויס! און משוגע פאַר שרעק וועסטו
ווייטער לויפן..."

„און אַז דו ווענסט פאַר אַ וואַסער־שפּיגל פאַרביי, און דיך אַליין דערזען, וועסטו דיך פאַר זיך אַליין דערשרעקן! וועט דיך אָנכאַפּן אַ גרויל פאַר זיך אַליין! אַ שרעק פאַר דיינע אָפענע וואונדן; אַן עקל פאַר דיין שמוץ אויפן צעבלוטיקטן לייב... און וועסט דיך וועלען פון דיין שליחות, פון גאָטס־נאָמען־שאַלן — באַפרייען, און וועסט ניט קאָנען;"

"דעם טויט וועסטו רופן און ער וועט ניט קומען!"—

„די נעגל וועסטו אַריינשטעקן אין דיין אייגן לייב, דאָס האַרץ אַרויסרייסן, די נשמה און גאָטס וואָרט פון דיר, — און וועסט ניט קאָנען!"

„און נאָך אַ גרעסערע שרעק וועט דיך יאָגן...

„און ווי הייסע טראָפּן בליי וועלן פאַלן די טרערן פון דיינע אויגן איבער דיין פּנים; און פון דיינע, אייביק אָפענע וואונדן וועט זיך גיסן אָן אויפהער דיין בלוט...

— נאָך וואָס?

פול באַרמהערציקייט ווערט די שטים פון מלאך:

„פון יעדער טרער, וואָס וועט פון דיינע אויגן פאַלן — אַזוי וויל גאָט! — וועט אויסשפּראָצן פון דער זינדיקער ערד אַ ווייסע ליליע —"

„און פון יעדן טראָפּן בלוט, וואָס וועט טריפן פון דיין איטלאַכער וואונד — אַ רויטע רויז! אַזוי האָט גאָט באַשטימט!"

און צוריק שטאָלערן קלינגט די שטים:

„אָבער דאָס אַלץ וועט זיין הינטער דיר; דאָס אַלץ וועלן דיינע אויגן ניט זען..."

„פאַר דיר — דערנער; שטיינער אונטער די פיס; ווי ווייט די אויגן זעען — אַ וויסטעניש — —"

„און וועסט, משוגע פאַר שרעק און פּיין, אַלץ ווייטער און ווייטער לויפן... די וועלט אונטער דיר מיט בלומען פאַרזייען, די ערד אונטער דיר אין אַ גן־עדן פאַרטוישן, און דו וועסט עס ניט זען — ביז — —"

— ביז וואַנען, מלאך?!

„ביז דו וועסט צוריקקומען צום אָרט, פונוואַנען דו גייסט אַרויס — — אויב...“

— אויב וואָס, מלאך? — פרעגט דער ערדמאַן נאָך מער פאַרציטערט.

„אויב גאָט וועט דיר אויך אַנדערע פון זיינע וועלטן ניט שיקן...“

„צו דעם ביסטו געבענטשט און פאַרשאָלטן...“

„צו דעם — אויסדערוויילט!“ —

---

## דער אייביקער פרידן אין ערגיץ־לאַנד.

דערציילט אַזוי דאָס מעשהלע פון ערגיץ־לאַנד:

אין ערגיץ־לאַנד איז אַ הויכער גרויסער באַרג פאַראַן. האַלטן זיך אויפן שפּיץ פון באַרג די אָדלער די גרעסטע, שפּילן אויף זיין הייך די ווינטן די שטאַרקסטע; שפּילן זיי און ראַנגלען זיך.

זעט אויך דער שפּיץ פון באַרג דאָס גרעסטע הימל־שטיק פון געוועלב איבערן ערגיץ־לאַנד, און דעם שענסטן אויפגאַנג פון דער זון יעדן מאָרגן־פרי אין ערגיץ־לאַנד...

באָדט זיך דער שפּיץ באַרג אין העלסטן, רייכסטן ליכט. עס איז דאָך דער העכסטער באַרג אין ערגיץ־לאַנד: די זון פאַר־שטעלט אים קיינער ניט, פון ערגיץ פאַלט אויף אים קיין שאָטן ניט...

און שטאַרק איז ער, דער באַרג: פעלזן זיינען זיינע גלי־דער, קופּער און גאָלד — זיינע אָדערן... דאָס ווייס די ווילדע ציג, וואָס שפּרינגט איבער זיין רוקן...

אָט אַזוי האָט דאָס מעשהלע פאַרציילט. —

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

האָבן די מוטער דאָס מעשהלע געהערט, דערפון אַ וויגן־ליד פאַרפאַסט, און שלעפערן די קינדער איין דערמיט. מיטן ליד פון ערגיץ־לאַנד, פון הויכן גרויסן באַרג אין ערגיץ־לאַנד.

וואַקסט אָבער אויף דאָס קינד און עס פאַרגעסט דאָס וויגן־ליד; אין לערנען און אין שפּילן ווערט עס פאַרגעסן;

דערנאָך אין לעבן, ליבן און ליידן... יאינם וועלט-געוויש!

ערגיץ דאָך, אין אַ פֿאַרבאָרגענעם ווינקל פֿון האַרץ, ציטערט נאָך אַלץ אַ סטרונע שטיל, און עס קלינגט דאָס ליד, דאָס וויגן-ליד, פֿון שפּיץ פֿון באַרג אין ערגיץ-לאַנד, — פֿלייצט דאָס לעבן אַרום און אַרום, רוישט עס און זידט, הערט מען די סטרונע נישט —

גייען אַזוי יאָרן און צייטן פֿאַרביי — —

טרעפֿט זיך אַמאָל —

שפּינט אַ יונגערמאַן זיין גאָלדענעם פֿאָדים פֿון לעבן, און עס שטרעקט זיך אויס דעם מזל'ס האַנט, און רייסט אים דעם פֿאָדים איבער: גייט דער יונגערמאַן פֿון לעבן אַוועק אין דער איינזאַמקייט... דערפֿילט ער פּלוצלונג אין דער שטילער איינזאַמקייט: עפּעס ציטערט אין ווינקל פֿון האַרץ ביי אים, אין פֿאַרבאָרגנסטן ווינקל פֿון האַרץ קלינגט... שטעלט ער זיך אָפּ און הערט זיך איין...

זינגט אַמאָל אַ יונגערמאַן זיין גליקלעך ליבעס-ליד אויף זיין האַרף, אויף זיין גאָלדענער יוגנט-האַרף: דערהערט דאָס בייזע מזל און שלייכט זיך צו און שטרעקט אויס די בייזע ביינערקע האַנט, און רייסט אים אַ סטרונע, נאָך אַ סטרונע מיט געוואַלט; ווערט שטיל די האַרף און שרעקלעך שטיל אין האַרץ; — שטיין איז דאָס האַרץ געבליבן... און אין דער שטילקייט קלינגט פּלוצלונג אויף דאָס וויגן-ליד. דאָס ליד פֿון ערגיץ-לאַנד, פֿון הויכן, גרויסן באַרג אין ערגיץ-לאַנד...

און אַמאָל וועקט זיך עס עמיצן אין חלום אויף און קומט אין אַ שטילער לבנה-נאַכט צום אויער, כאַפּט זיך יענער אויף...

און אַזוי אַמאָל, פֿאַרטראַכטערהייט, וועקן זיך ביי לייטן די בענקשאַפֿט אויף, און טרייבט קיין ערגיץ-לאַנד; צום הויכן באַרג, צום גרויסן באַרג אין ערגיץ-לאַנד...

ציט דאָס ערגיץ-לאַנד און ציט; וואַנדערט מען...

און אין אַלע צייטן, און אויף װעגן אַלערליי, און פון אַלע עקן װעלט װאַנדערט מען קיין ערגיץ־לאַנד...

בלאָנדזשעט מען, פאַרבלאָנדזשעט מען, —

ביינער בלייבן אויף װעג און שטעג קיין ערגיץ־לאַנד...

מאַנכע טרעפן דאָך און דערגרייכן עס.

קומען מאַנכע קיין ערגיץ־לאַנד; װיים איינער דאָך פון צװייטן ניט...

איוף איינזאַמע װעגן גייען זיי, פון פאַרשיידענע עקן װעלט קומען זיי... איינער טרעפט זיך מיטן צװייטן ניט.

---

שפיינט זיך און שפינט װייטער דאָס מעשהלע...

פון לבנה־שטראַלן שפינט זיך עס; אין שטילע נעכט, אין לבנה־נעכט...

דערציילט עס װייטער אַזוי:

צופוסנס ביים הויכן באַרג אין ערגיץ־לאַנד ליגן לענדער פרייע, פעט און שװאַרץ... װאַקסן װעלדער טיפע טיפע, און שטראָמען יאָגן און טייכן פליסן... און רינגלען אַרום דעם גרויסן הויכן באַרג...

און קומען די װאַנדערער, — איינציקװייז, פאַרנווייז אָדער פאַמיליען גאַנצע — און דערגרייכן זיי דעם באַרג אין ערגיץ־לאַנד, באַזעצן זיי זיך אַרום און אַרום דעם באַרג, צופוסנס דעם באַרג...

גייט דער יעגער מיט פייל־און־בויגן אין װאַלד אַריין; זעצט זיך דער פישער מיט נעץ און װענטקע ביים קלאָרן טייך; זוכט זיך דער פעלדמאַן זיין אַקער אוים; טרייבט דער הערט זיין פי איבער דער פעטער לאַנקע... װערן קאָלאָניעס מיט דער צייט...

גרויס איז אָבער דער צופוסנס פון באַרג, טרעפט זיך

איין קאָלאָניע מיט דער צווייטער ניט; ווייסט איינע פון דער צוויי-טער ניט.

בויט זיך יעדערע איר וועלט פאַר זיך, און אָרדנט זיך איין די „איינציקע" וועלט. בויט זיך איטלאַכע איר הייליק-טום פאַר גאָט דעם „איינציקן", און דינט דעם האַר פון דער וועלט דעם איינציקן...

און מען לעבט זיינע יאָרן אויס, און מען שטאַרבט צו דער רעכטער צייט. און אַלץ לויטן ווילן און געזעץ פון גאָט פון איינציקן...

און מען בעט גאָט, און מען רעדט אויף דער „איינאיינציק" מענטשלאַכער שפּראַך.

און מען אַרבעט; און מען מערט, און מען פּרוכפּערט זיך, און מען הייבט זיך פּאַמעלאַך, פּאַמעלאַך אויפן רוקן פון הויכן באַרג, פון געגלוסטן באַרג...

לאַנגזאַם — מיט ווייץ, האָבער און קאָרן, גייט דער אַקער-מאַן; מיידט אים אויס דער פלאַנצער פון ווײַן; העכער שפּרינגט דער הערט, איבער שטיין און פעלז, נאָך דער ווילדער ציג; מיט דער מעטאַלענער אָדער גייט דער בערגמאַן פעסט און טיף...

און נאָך העכער שטייגן מאַנכע...

דאָס זיינען די, וואָס האָבן זיך, מיטן גאַנצן האָב-און-גאָב, באַרואיקן ניט געקאָנט...

שוין צו פערבענקטע נשמות זיינען זיי; צו פאַרבענקטע נשמות צו דער הייך, צו דער הויכער הייך.

ווייל שאַרפער קלינגט אין האַרץ ביי זיי דאָס וויגן-ליד...

לייגט מען אַמאָל די ווענטקע אַוועק און דעם פייל-און-בויגן, און מען גייט פון וואַלד און טייך... פאַלט רידל און קאָסע אַמאָל פון האַנט אַרויס; פאַרלאָזט מען דעם אַקער, פאַרלירט מען שער און שניידמעסער פון האַנט, קומט מען פון ווייַנבערג אַרויס, און מען וואַרפט די האַק אַוועק, און מען

קוקט פון דער מעטאַלענער אָדער אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין... פאַרלאָזט מען אויף גאָטס בעראָט די ווילדע ציג, און מען ש ייגט...

ע? ציט דער שפּיץ פון באַרג...

האָט יעדע קאָלאָניע איר בענקענדיקן מאַן, אַנדערע—אירע בענקענדיקע לייט — שטייגן זיי...

שטייגן זיי.

איז, וואָס העכער, דינער און דינער דער רוקן פון באַרג; בלאָנדזשען זיי און טרעפן זיך אַמאָל.

און טרעפט מען זיך...

און טרויעריק ווערט דאָס מעשהלע, ווען עס דערציילט דערפון... און שרעקלאַך...

טרויעריקע געשיכטן; בלוטיקע געפעכטן...

---

עס שפּינט זיך און שפּינט דאָס מעשהלע אַזוי:

האָט יעדע קאָלאָניע איר בענקענדיקן מאַן; מאַנכע — אירע בענקענדיקע לייט — —

צום שפּיץ פון באַרג בענקען זיי...

צו די ווינטן די שטאַרקע, צו די אָדלער די גרויסע... צום גרויסן פרייען הימל; צום רייכן העלסטן ליכט, צום שענסטן אויפגאַנג פון דער זון בענקען...

עס ציט דער שפּיץ פון באַרג...

און איינציקווייז גייען זיי, איבער די גרעניצן פון פעלדער גייען זיי... פון וויינבערג-געוועלבן קומען זיי אַרויס... ביי די רענדער פון מעטאַלענע גרובן שלייכט מען זיך...

איבער שטיין און פעלז, איבעריאָגנדיק די ווילדע ציג.—

מיט פאַרבענקטע אויגן, אין דער הויכער הייך פאַרקוקט, בלאָנדזשען זיי, זאָפּנדיק מיט אויפגעשפּיצטע אויערן

די געריש פון דער הייך — אין טרעפן זיך אַמאָל...
און טרעפן, און — דערשרעקן זיך.
און מיסטרויאיש פאַרוואונדערט, קוקט איינער אויפן צווייטן, זיך אָפּשטעלנדיק:
פון פאַרשיידענע ערטער געקומען, אויף פאַרשיידענע וועגן געגאַנגען און — אַנדערש געקליידט, אַנדערש געשוירן און אַנדערש דעם קאָפּ באַדעקט...
שטאַמלט מען, זיך גריסנדיק און זאָגנדיק:
— גוט מאָרגן!
זאָגט עס יעדערער אויף ז י י ן שפּראַך, אויף זיין איינציקער שפּראַך... קלינגט עס דעם צווייטן פרעמד, האַרט, ניט-מענטשלאַך און פיינדלאַך אין די אויערן... מיינט יעדערער, דער צווייטער דראָט.
„ער באַליידיקט מיך, ער שילט!"
שטייט מען זיך קעגנזייטיק צו:
— ביסטו אַ מענטש, גלויבסט דו אין — —
און אָנגערופן ווערט דער נאָמען פון גאָט, פון „איינציקן" גאָט...
ווערן אין צוויי שפּראַכן גערופן צוויי נעמען פון גאָט; און יעדערער פון צווייטן טראַכט:
— ריידן רעדט ער ניט ווי קיין מענטש און גלויבן גלויבט ער ניט אין גאָט...
גרייט מען זיך צום שטרייט...
רופט יעדערער פאַרן שטרייט זיין גאָט צו הילף...
אויף פאַרשיידענע שפּראַכן ריידן זיי, פאַרשיידענע נעמען רופן זיי.
זאָגט יעדערער: ער לאַכט פון מיר און לעסטערט נאָך מיין גאָט! —
אָדער: ער דינט אַן אנדערן גאָט, אַ פאַלשן גאָט, אַ שלעכטן גאָט!
פלאַקערט מיטאַמאָל שטאַרקער אויף דער האַס, און

מען ראַנגלט זיך; אויף טויט און לעבן גייט דער שטרייט...

דיגט איין מענטש און זיין איינציקער גאָט...

און דער באַזיגטער שילט צו בענטשט זיין גאָט און—פֿאַלט...

קאָלערט זיך דעם באַזיגטנס קערפּער באַרג־אַראָפּ, באַרג־אַראָפּ...
און צייכנט מיט בלוט זיין וועג איבערן באַרג, איבערן רוקן פֿון היילן גרויסן באַרג...

און זיין גאָט אויף זיין שפּראַך דאַנקענדיק, שטייגט דער זיגער אַלץ העכער און העכער...

און די צאָל פֿון די בענקענדיקע אין די קאָלאָניען, און די צאָל פֿון די, וואָס טרעפֿן זיך און ראַנגלען זיך אויפֿן רוקן פֿון באַרג, וואַקסט פֿון טאָג צו טאָג...

עס וואַקסט די בענקשאַפֿט, וואָס טרייבט אַלץ אַרויף און אַרויף... און עס וואַקסט דער צאָרן קעגן דעם ווילדן, וואָס מען טרעפֿט אויפֿן וועג; קעגן דעם ווילדן טיר, וואָס גלויבט ניט אָן גאָט, האָט אַ שלעכטן פֿאַלשן גאָט און שטאַמלט אויף אַ נישט־מענטשלעכער שפּראַך...

און וואָס אַמאָל העכער שטייגט דער מענטש מיט זיין צאָרן; און מיטן מענטש, אַלץ העכער און העכער — שטרייט און שלאַכט...

ראַנגלט מען זיך וואָס אַמאָל נעענטער צום שפּיץ פֿון באַרג...

און די טויטע קערפּער פֿון באַזיגטע קאָלערן זיך אַלץ אָפֿטער און אָפֿטער, און פֿון אַ העכערער הייך, באַרג־אַפּ, באַרג־אַפּ... און צופֿליישן זיך, זיך קאָלערנדיק, אויף בלוטיקע פֿעצן אין פֿעדים, אָן שפּיצן פֿון שטיין און פֿעלז; און אַלץ עפּטער און עפּטער ריזלט דאָס בלוט באַרג־אַפּ, באַרג־אַפּ; און שטראָמט, און טרענקט, און ריטלט דעם רוקן פֿון באַרג...

און אַדאַנק די אַראָפּגעפֿאַלענע צופֿליישטע לעסטערער

פון גאָט, ווערט אַלץ פעטער און פעטער די ערד צופוסנס דעם
באַרג; אַלץ פולער און געבענטשטער — די זאַנג פון ווייץ און
קאָרן; פולער און גליענדיקער — די טרויב, זיסער — דער זאַפט
אין איר... און דער ווילדער ציג שפּראָצט אַלץ מער און מער
גראָז פון אונטער די פיס, און אַלץ מער און פעטערע מילך גיט
זי דעם הערט...

און די פאַרבענקטע זיגער דאַנקען גאָט און — שטייגן...

---

און ווייטער פאַרציילט דאָס מעשהלע:

און עס פרוכפּערן זיך אַלץ, און מערן זיך די קאָלאָניעס צו-
פוסנס דעם באַרג. און די פאַרבענקטע צו דער הייך וואַקסן אויך
אין צאָל,—שטייגן שוין מערערע מיטאַמאָל...

און געפערלאַך, און מיט יעדן טאָג געפערלאַכער ווערט
דער וועג אַרויף; צו גרויסע אָדלער און פרייע ווינטן דער שטעג...
און צום אויפגאַנג פון דער זון, און צו די ברייטע הימלען אינ-
דערהייך...

אַלץ מער ווילדע שטאָמלער און גאָט-לעסטערער טראָגן זיך
אויפן רוקן פון באַרג.

און שוין באַוואָפנט ווערט געשטיגן...

און מחנות באַוואָפנטע טרעפן זיך אָפּט און עפטער...

און שלאַכטן ווערן ביי יעדן טרעפן-זיך געפירט, און אַלץ—
אין נאָמען פון גאָט, פון איינציקן גאָט!

און דערהערט מען הינטן די קריגס-געשרייען פון דער
הייך, לויפט מען אַרויף צו הילף...

קומט דער הערט פון זיין געצעלט אַרויס, דער בערג-
מאַן פון זיין גרוב, פון טרויבן-געוועלב לויפט דער וויינ-
בער אַרויף, עס איילט אויך דער ערדמאַן פון אַקער
און דער פישער פון ברעג טייך, און דער יעגער

פֿון טיפֿן װאַלד... און באַװאָפֿנט זײַנען אַלע; דער בערגמאַן האָט פֿאַר אַלע װאָפֿן געמאַכט...

און אַלץ עפּטער און העפּטיקער װערט די שלאַכט..

הילכט דער באַרג פֿון אײביקן קריג; פֿון העלדן־געשרײ, פֿון געװער־קלאַנג... און פֿון גאָטס נעמען, װאָס װערן אין אַלער־לײ שפּראַכן גערופֿן...

און מאַסנװײז קאָלערן זיך די טױטע אַראָפּ, אַראָפּ, און צו־פֿלײשן זיך אױף שטײן און פֿעלז, איבער װעג און שטעג... און בלוטיקע טײכן שטראָמען באַרג־אָפּ, באַרג־אָפּ... יאָגן זיך און שטראָמען.

און װאָס אַמאָל, װערט אונטן פֿעטער די ערד, פֿולער די זאַנג פֿון װײץ, האָבער און קאָרן. זיסער און גליענדיקער דער װײן און אַלץ זאַטער און זאַטער פֿיטערט זיך די װילדע ציג צװישן שטײן און פֿעלז און גיט און מ ע ר פֿעטערע מילך...

---

נאָר אײנמאָל — אַזױ װערט דאָס מעשהלע דערצײלט — האָבן זיך צװײ, אין צעפֿלאַקערטן קאַמף, אַלץ העכער און העכער געיאָגט, ביז זײ האָבן פּלוצלונג דעם הױכן שפּיץ פֿון באַרג דער־גרײכט, און פּלוצלונג גאָר פֿאַרבאָרגן זיך אין אַ שטראָם פֿון ליכט, פֿון העלסטן רײַנסטן ליכט פֿונדערהײך...

און מיטאַמאָל און פּלוצלונג רײסט זיך ורײ בײדע אַ נײע, גאַנץ נײע שפּראַך פֿון דער צונג אַראָפּ! — דאָס איז געװען די שפּראַך פֿ ו נ ד ע ר ה י י ך, די ליכטיקע שפּראַך, — די שטראַלן־שפּראַך.

און מיטאַמאָל און פּלוצלונג האָט אײנער דעם צװײטן דער־הערט און פֿאַרשטאַנען; האָט י ע ד ע ר ע ר אינם צװײטן אַ מענטש דערקענט, דעמזעלבן גאָטס נאָמען פֿון זײנע ליפּן אַראָפּ געהערט, און זײ זײגען זיך איבער די העלזער געפֿאַלן. —

און נאָך זיי זײַנען געקומען אַנדערע און אַרײַנגעפֿאַלן אין ליכט, און נאָך אַנדערע — און אַלע, אַלע האָבן אָנגעהויבן ריידן אויף דער איינציק־מענטשלעכער שטראַלן־שפּראַך...

איז אַ פֿרייד געווען!

אָבער פּלוצלונג האָבן זיי דערהערט פֿון הינטן אַ קריגס־געשריי, פֿון אַלע זייטן באַרג אַ ליאַרם פֿון שלאַכטן...

אונטן איז געשען, וואָס עס האָט געמוזט געשען... ווי איבן די איינצלנע פֿאַרבענקטע מענטשן, האָבן זיך אונטן די קאָלאָניען געטראָפֿן...

געמערט איבער דער צייט און געפּרופֿערט זיך האָבן די קאָלאָניען, און פֿאַרשפּרייט זיך און פֿאַרשפּרייט, און אַלץ שמעלער און שמעלער זײַנען די פֿרייע פֿעלדער און די פֿרייע וועלדער געוואָרן... האָבן זיך יעגער מיט יעגער געטראָפֿן, דער ערדמאַן מיטן ערדמאַן; און הערשאַפֿט מיט הערשאַפֿט באַגעגנט, און בערגמאַן מיט בערגמאַן — אונטער דער ערד...

— פֿרעמדע זײַנען געקומען! פֿרעמדע אַקערן אונזער לאַנד! ווילד־פֿרעמדע כאַפּן פֿיש אין אונזערע טייכן; שטאַמלער אָן אַ שפּראַך גראָבן זיך אײַן אין אונזער ערד... גאָט־לייקענער האָבן אונזערע ווײַנבערגער פֿאַרנומען, — דינער פֿון פֿאַלשע, שלעכטע געטער די ווילדע ציג באַצוואונגען! —

אַזוי האָט מען גערופֿן.

און אויפֿגעפֿלאַקערט האָט אויף אַלע גרעניצן די שלאַכט...

לויפֿן די פֿאַרבריטערטע פֿונדערהייך אַראָפּ:

— שטיל! געווער צו די פֿיס! אַלע זײַנען גלייך! פֿאַרהאַן איין איינציקע מענטשלעכע שטראַלן־שפּראַך!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

— און דאָס — פֿאַרפֿלייצט דאָס מעשהלע — איז דער אָנהייב געווען...

און איבּיקן פֿרידן דער אָנהייב.

פֿון אייביקן פֿרידן אין ערגיץ־לאַנד, צופֿיסנס דעם גרויסן, הייליקן באַרג...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און אַזוי, פֿאַרפֿלייצנדיק, צעשטראַלט זיך עס, דאָס מעשהלע, און צעשמייכלט זיך...

ווי דער מזרחדיקער מאָרגן־גלאַנץ פֿון שפּיץ אַראָפּ געזען, פֿון שפּיץ פֿון הייליקן גרויסן באַרג אין ערגיץ־לאַנד געזען...

עס ווייסט, ס׳וועט ווערן אַ ליד דערפֿון, אַ וויג־ליד; זינגען וועלן די מוטער עס, איבער דער ליבסטער קינדער־וויג...

און אינם קינדס הערצל־קליין, הערצל־פֿיין, קלינגען, קלינגען וועט דאָס ליד, און ס׳וועט דערפֿון אַ בענקשאַפֿט ווערן...

אַ בענקעניש, צו ערגיץ־לאַנד, צום הייליקן באַרג אין ערגיץ־לאַנד; צום פֿרידן־לאַנד, מיט דער שטראַלן־שפּראַך, דער אייביקן מענטשלעכער —

אַ בענקשאַפֿט־פֿיין, אַ בענקשאַפֿט־ריין!

# צוויי ברידער

אייגענטליך, וואָלט איך ליעבער די מעשה דעם גוטען גראַף טאָלסטאָי דערצעהלט. ער איז שוין צו גוט געוואָרען. ליידער בין איך אָבער מיט'ן גראַף טאָלסטאָי נישט אַזוי גוט... אפילו זייער גאָט, זאָגט מען, איז נישט דער בעסטער! ווי עס איז, אויב „אַ מעשה מיט צוויי ברידער" — פערשטעהט איהר אַליין, אַז פון זיי האָט איינער געמוזט זיין אַ קלוגער און דער צווייטער — אַ נישט פאַר אייך געדאַכט — אַ נאַר! עס איז טאַקי אַזוי; אַ נישט, וואָלט גאָר קיין מעשה נישט געוועזען. עס וואָלט אפשר גאָר קיין וועלט נישט געווען. פון דער צווייטער זייט אָבער האָט יעדער מענש זיין לשון, און איך, אויב איך זאָג „איינער איז געווען אַ חכם און דער צווייטער — לא עליכם —", מיין איך גאָר פשוט: איינער איז געווען אַ שלעכטער און האָט זיך געטויגט; דער צווייטער — אַ גוטער און האָט זיך געלאָזט מיי[illegible]! אַ נישט, פערשטעהט איהר מיך, וואָלט ער געווען אַ מילנער ביז'ן היינטיגען טאָג.

וואָרום ביידע ברידער זענען מילנער געוועזען און האָבען, אויף צוויי נאָהנטע בערגלעך, זייערע ווינד-מיהלען געהאַט. אויבטען, צו פיסענס די בערגלעך, אויף זעלבע די ווינד-מיהלען זענען געשטאַנען, האָבען זיך געצויגען גאַנצע טהאָלען

מיט ווייץ אין קאָרן. און די מענשען פון די טהאָלען פלעגען עס אַרויפפיהרען, אָדער קאָרץ-ווייז אַרויפטראָגען צום מאַהלען. ניץ-געלד פאַר דער מיהל לאָזט מען, ווי דער שטייגער איז, איבער אַ פערטעלע; מעהל אָדער תבואה, ווי דער מילנער פערלאַנגט. פון מעהל באַקט מען ברויט, קאָכט מען לאָקשען. די תבואה פיהרט מען אין שטאָדט אַריין צו פערקויפען. פאַר געלד קויפט מען: זאַלץ, הייוען, הויז-גערעט, קליידער — וואָס נאָר אַ מענש בעדאַרף. מען קען אין אַזאַ מיהל האָבען אַ גוט יאָהר, נאָך איבערלאָזען אויף אַ שלעכטער צייט. דערצו אָבער מוז מען שכל האָבען. מיט דעם, ווייסט איהר שוין, זענען ביידע ברידער נישט גלייך געבענשט. און אַ שאָד וואָרום שווערע צייטען טרעפען זיך ביי ווינד-מיהלען אָפט, עס געראָט נישט און מען האָט נישט וואָס צו טהון. אָדער עס מאַכט זיך אַ שטילע צייט און די פליגעל ריהרען נישט; נישט דאָ, מיט וואָס צו מאָהלען! טהיילמאָל טרעפט זיך אויך אַ שאָדען אין מיהל: אַ צו שטאַרקער ווינד דרעהט אַ פליגעל אוים; איין אָבגעריבענער מיהל-שטיין פּלאַצט פאַר דער צייט, אָדער ווייס איך, וואָס עס קען זיך טרעפען!

און דאָ טאַקי הייבט זיך אָן דער אונטערשיעד צווישען קלוגען מיט'ן נאַר.

מאַכט זיך עפּיס אַ צופאַל ביים שלעכטען, דאַרף ער, ווי זאָגט מען עס, נאָר אַ פּיפּעץ געבען, אַ ווינק, לויפט איהם שוין דער גוטער צו הילף: „דיין מיהל שטעהט? האָסט קיין אַרבייט נישט? עס פעהלט דיר ברויט? הייוען? זאַלץ? וואָס?"

יאָ געפעהלט, נישט געפעהלט, דער שלעכטער האָט שכל, ער טויג זיך אין נעהמט, וואָס עס לאָזט זיך. פון צוקומעניש — שמייכעלט ער אין זיך אַריין — טהוט קיינמאָל דער קאָפּ נישט וועה!

איז אַ שאָדען אין מיהל, וואַרפט דער גוטער פון זיך אַראָב דעם ראָק און שטעלט זיך צו דער אַרבייט. אין צווייען, האָטש דער שלעכטער נאַרט זיך, אַרבייט זיך געשווינדער,

בעסער, שפּאָריוודיגער! עס דויערט נישט לאַנג, און דעם שלעפּטענס מיהל איז צוריק גאַנץ, אַרבייט ווי פריהער, אויב נישט בעסער ווי פריהער!

מיט דער צייט האָט דער שלעפּטער נישט געברויכט אפילו צו ווינקען. דער גוטער האָט זיך א לייטער געמאַכט און איז פון צייט צו צייט אויפ’ן שפּיץ-מיהל אַרויפגעקראָכען, צו זעהען, וואָס אויפ’ן צווייטען בערגיל, ביי’ם ברודער אין ווינד-מיהל, טהוט זיך, און קוים האָט ער בעמערקט, אז די פליגעל שטעהען, אָדער אז פון קוימען געהט צו דער רעכטער צייט קיין רויך נישט אַרויס, איז ער שוין געלאָפען פרעגען, צי מען דאַרף נישט זיין הילף...

אַנדערש איז אָבער געוועזען אויב פערקעהרט. אויב עס האָט זיך אין גוטענס מיהל א סבה געטראָפען, האָט מען אַרבייט געדאַרפט, איז דער שלעכטער פונקט נישט געווען בקו הבריאה! האָט פערפעהלט עסענוואַרג, האָט עס דעם שלעכטען נאָך פריהער פערפעהלט! גאַנץ אָפט האָט ער אפילו קיין פאַלשע תירוצים נישט געזוכט, קיין קרענק נישט אויסגעקלערט, און מיט איין אָפענעם שטאָהלערנעם בליק געענטפערט: „איך העלף נישט, איך באָרג נישט, איך צאָהל אפילו קיין חובות נישט; איך בין קיין נאַר נישט!" און דער גוטער געהט אַוועק מיט ליידיגע הענד, נאָר מיט א פול האַרץ מיט רחמנות אויפ’ן אומגליקליכען ברודער, וואָס „האָט א שטיינערן האַרץ, וואָס וועט קיינמאָל נישט פיהלען דעם אמת’ן נחת, דאָס אמת’ע גליק וואָס א מענש האָט, בשעת ער העלפט דעם צווייטען". טרערען פלעגען איהם קומען אין די אויגען אַריין!

און דער שלעכטער, וואָס האָט זיך געטויגט, איז גע-וואַקסען פון טאָג צו טאָג. ער און די ווינד-מיהל זענען וואָס אמאָל פעסטער און שטאַרקער געוואָרען. און דער הויפען תבואה אין שפּייכלער, און דער געלד-בייטעל אין טאַש זענען אויך געוואַקסען. בשעת דער גוטער איז געפאַלען פון טאָג

צו טאָג... די מיהל האָט זיך אַ ביסעל אויסגעקרומט, און גאַנץ אָפט האָבען אפילו די שוואַלבען פאַר דער מיהל קיין חיונה נישט בעקומען...

מענשען האָבען געשריגען: איין עולה! אויף די נעגעל האָט מען געבלאָזען. און דאָך, ווער עס האָט געהאַט אַ קערציל תבואה צו מאָהלען, האָט עס פריהער צום שלעכטען געפיהרט: זיין מיהל איז בעסער, אַרבייט געשווינדער, מיט וועניגער פחת! נישט איינמאָל האָט מען דעם גוטען נאָך בע'גנב'עט! עס איז געגוג געווען זיינע שטענדיגע הונגעריגע הונד אַ לעבעל ברויט צו וואַרפען, זיי זאָלען אַלץ דערלאָזען און שווייגען! און דער גוטער איז אַזוי לאַנג געפאַלען, ביז ער איז, נעביך, געבליבען ליגען...

עס האָט זיך אַ שטורם־ווינד געמאַכט. דעם שלעכטענס מיהל האָט ער וועניג וואָס געשאַדט. אַ פליגעל האָט זיך אויסגעקרומט, נישט מעהר, און מיט וועניג אַרבייט האָט מען איהם דעם צווייטען טאָג אויסגעגלייכט... דעם גוטענס — איז געפאַלען! מיט'ן ערשטען בלאָז האָט דער שטורמווינד זי אויסגעדרעהט, מיט'ן צווייטען — אויסגעריסען און אומגעקעהרט, און דערנאָך צושלאָגען, צוטרימערט, און די שטיקער אין טהאָל אַראָבגעשליידערט...

— העלף מיר אויפקלייבען די שטיקער און צוריק אויפבויען מיין מיהל! האָט ער זיך צום שלעכטען געווענדט.

— איך האָב קיין צייט נישט! האָט דער קלוגער געענטפערט. איך האָב פיעל אַרבייט און שטעל מיר אַ צווייטע מיהל!

און דער גוטער איז, מיט האַרצוועהטאָג און פול מיט רחמנות אויפ'ן אומגליקליכען ברודער מיט'ן שטיינערנעם האַרץ, אַראָבגעגאַנגען אין טהאָל אַריין, זוכען הילף און האָט זי נישט געפונען...

— מיר האָבען קיין צייט נישט! האָט מען איהם געענטפערט; עס איז גראָד שניט־צייט געווען...

דעמאָלט האָט דער גוטער געוואָרפען דעם לעצטען

בליק אויפ'ן בארג, וואו זיין ווינד-מיהל איז געשטאנען, אין אויפ'ן טהאל. וואי די שטיקער פון דער הורבה זענען גע-בליבען, און איז געגאנגען אין דער וועלט אריין, זוכען פריינד-שאפט און ארבייט.

ער איז נע ונד עד היום!... און דער שלעכטער ברידער האט פאמעליך דאס געהילץ פון ברודערס ווינד-מיהל אויפגעקליבען, דאס שלעכטע פערברענט, דאס גוטע אין דער נייער ווינד-מיהל בענוצט.

די לייט פון טהאל האבען פריהער געקריצט מיט די צייהן. מיט דער צייט — אן גוטען און זיין ווינד-מיהל פער-געסען; צוויי ווינד-מיהלען זענען גענוג!...

די מעשה וואלט איך ליעבער דעם גראף טאלסטאי דערצעהלט. ליידער בין איך מיט איהם נישט בעקאנט און מוז יוצא זיין מיט אייך.

# דאס גלעזיל.

(הומאָרעסקע).

אַמאָל, ערגיץ אין אַ פערוואָרפען שטעדטיל אויף דער פּראָ־ווינץ, איז געווען אַ גאָלדשמיד און אַ בריליאַנטען־שליפער דערצו. און געווען איז ער, דער גאָלדשמיד אַ בריה נפלאה אין דער מלאכה, אַ געבענשטע האַנד געהאַט, אין זיין פאַך אַ גאון געווען. עד היכן הדברים מגיעים, האָט קיינער נישט געוואוסט: נישט ער, נישט זיינע קונים. געזעסען און געאַרבייט ציהרונג פאַר בעלי־בתים: אויריג־גלעך, פינגערלעך, קדושין־פינגערלעך וכדומה. קוים פרנסה גע־האַט!.. נתגלה איז ער ערשט געוואָרען מיט דער צייט... און צופעליג. האָט זיך, כּדומה־למשל, געטראָפען, אַז אַ בעל־הבית פון קליינעם שטעדטיל האָט אַ שדוך געטהון פון דער פרעמד, מיט איין עושר פון אַ גרעסערער שטאָדט. פאָהרט מען אויף דער חתונה, בעווייזט זיך דעם גאָלדשמיד'ס ציהרונג אויף אַ העכער אָרט. יענער עושר איז שוין אַ שטיק מבין; אַ סוחר, אַ וועלט געזעהן, מאַכט ער: אַי, אַי, אַי! — הייבט אָן דער גאָלד־שמיד דאָרט אויף צו שמ'ען... בעקומט ער שוין פון דאָרט אַרבייט און מיט דער צייט ציהט ער זיך איבער אין דער גרעסערער שטאָדט אריין; שוין אַזוי פיעל קונים געהאַט.

מילא, צו'ן אַ גביר פון דער גרעסערער שטאָדט קומט אַמאָל אַ פּריץ: צוליעב מסחר, אויף אַ שמחה, צי אַזוי אַמאָל שבת אויף געפילטע פיש, — דער טיש אויסגעשטעלט, דאָס בני־

בית אויסגעציהרט ... דער פריץ קומט אריין, ער איז נאָך אַ גרעסערער מבין ; פאַלט איהם עפּיס אין אויג אריין.

— וואו איז דאָס געקויפט ? ווער האָט עס געמאַכט ?

ווערט מען פון גאָלדשמיד געוואָהר צווישען פריצים...

כּידוע, מאַכט יעדער גובערנאַטאָר איין מאָל אין יאָהר אַ באַל פאַר גרויסע לייט. עס איז שוין אַזאַ מנהג. מאַכט יענער גובערנאַטאָר אויך אַ באַל, קומען פריצים מיט פריצות, מיט טעכטער. טראָגט מען דעם גאָלדשמיד'ס ציהרונג... זעהט דער גובערנאַטאָר אַ פינגעריל, צי אַ בראָש, צי אַ קאָליע, גאַפט ער. ער האָט נאָך אַזאַ ארבייט נישט געזעהן.

„וועמעס ארבייט איז עס ?"

— „דעמ'ס און דעמ'ס".

„אַזוי ?" —

צו מאָרגענס שיקט מען דעם גאָלדשמיד רופען, ווערט ער אַ יוצא ונכנס ביים גובערנאַטאָר.

קומט אַמאָל צופאָהרען, בעקוקען די גובערניע, איינער פון די שרי-מלכות, דאַרף מען איהם אַ קעגען-טראָגען ברויט מיט זאַלץ אויף אַ טאַץ. ווער מאַכט די טאַץ ? מן הסתם, שוין אונזער גאָלדשמיד. קומט די טאַץ אין עיר-המלוכה אריין, קלינגט מיט איהר די עיר-המלוכה...

נישט אומזיסט זאָגט שלמה המלך : טוב שם משמן טוב!

טרעפט זיך אַ מעשה, דער אַלטער מלך געהט פון דער וועלט, קלויבט מען אויס אַ נייעם מלך, געהט יענע קרוין אין שאַץ-קאַמער, און פאַר'ן נייעם מלך מאַכט מען אַ נייע קרון. זוכט מען גרויסע גאָלדשמידס. בעט מען צווישען אַנדערע אונזער גאָלדשמיד אויך. קומט ער און ארבייט-מיט און ציילענט זיך נאָך אויס על צד היותר טוב...

הכּלל — מקימי מעפר דל!

אונזער גאָלדשמיד וואוינט שוין אין דער רעזידענץ, איז אַ יוצא ונכנס אין הויף. ער ווערט נאָר מרואי פני המלך.

אַ פּ ר אָ ס ט ע ר בּשר ודם, אַפילו אַ קלענערער ש ר, קאָן זיך שוין גאָר צו'ן איהם נישט דערשלאָגען...

איז דאָך אָבער אַ גלגל חוזר בעולם און, אז מען קאָן העכער נישט שטייגען (וואָרום וואָס קאָן זיין העכער פאַר אַ גאָלדשמיד?), הויבט מען אָן פאַלען...

פאַר וואוילטאָג האָט ער שוין קיין נייעס נישט בעוויזען. דאָס אַלטע ווערט צוגעגעסען, די אויגען זענען, קוקענדיג דערויף, מיעד געוואָרען, דאָס האַרץ קריעגט אַ גליסטונג צו עפּיס נייעס. בעווייזט זיך, ערגיץ־וואו, אַ נ יי ע ר קינסטלער... איז — ווי דער סדר עולם איז — זה נופל וזה קם... מאַכט דער נייער קינסטלער דעמזעלבען וועג, וואַס דער אַלטער האָט געמאַכט. און, לעומת זה, מאַכט דער אַלטער גאָלדשמיד—דעם אייגענעם וועג צוריק: פון עיר־המלוכה צוריק אין גובערניע אַריין, פון גובערניע — אין פּאָוויאַט, פון פּאָוויאַט—אַ ה יי ם; פון מלך, הייסט עס, צום שר, פון שר צום גובערנאַטאָר, צום פּריץ, צום גביר, צום בעל־הבית אין קליינעם שטעדטיל... צוריק צו קדושין־פינגערלעך...

נידריגער פאַלען קאָן מען נישט; אָרימע־לייט דאַרפען קיין ציהרונג נישט. בלייבט מען הענגען אין דער לופט, שטרעקט מען אוים די צונג...

און די צייטען אַ ל יי ן ווערען שלעכט, מען מאַכט עפּיס גאָר קיין חתונות נישט און די קאָנקורענץ וואַקסט...

מילא... דלות מאַכט פּסלות. און ויהי (וואו „ויהי", איז אַ צרה!) כי הציק לו הרעב, נישטאָ וואָס אין מויל אַריין צו לעגען, דער גאָלדשמיד געהט אַרום פוסטע־פּאַס, איז ער זיך מישב און הויבט אויף פון דער ערד אין גאַס אַ שטיקעל גלאָז פון אַ צובראָכען פלעשיל: פון וואַסער, פון משקה און אפשר גאָר מיט אַ מעדיצין, ווער ווייסט; נאָר אַ פּראָסט שטי־קעל גלאָז, און געה־ דערמיט אַהיים, און זעצט זיך עס אַני־דער — שלייפין... און אַזוי ווי ער שלייפט, הייבט אָן אונטער די הענד דאָס גלעזיל צו פינקלען, צו גלאַנצען... אַ

כשוף: עס שפריצט מיט כל המיני פונקען, עס שטראהלט; ער אליין גאפט. ער האט גאר נישט געוואוסט, ווי ווייט קינסט־לער ער איז! דערנאך נעהמט ער דאס גלעזיל, זעצט עס אריין אין עפּיס א פערוואלגערט רייפעל, וואס ער האט קוים געפונען, און געהט ארויס אבנארען די וועלט! — געהט ער, דאס הארץ קלאפּט ביי'ן איהם, ווי ביי'ן א גזלן! קומט איהם אקעגען א בחור מיט א פלאכיענדיג פּנים, פאלט איהם איין — אפשר א חתן און דארף א פינגעריל? שטעלט ער איהם אב. האט ער כמעט געטראפען: קיין קדושין־פינגעריל דארף ער נישט, א כלה־מתנה — אדרבא; מעג זיין א פינגעריל! און ווי יענער גיט איהם א בליץ פאר די אויגען מיט'ן ברילאנטעל, פאלט ער צו מיטביידע הענד און פרעגט: ווי טייער?!

לאזט דעם גאלדשמיד דאס הארץ נישט זאגען, נישט קיין שווינדלער בטבע, פרעגט ער צוריק:

— וויפיעל ווילסטו געבען?...

דער בחור מיינט: גאט ווייסט, צי ער וועט קאנען קו־מען צו דער סחורה? נעהמט ער ארויס א מטבע און מאכט זיך א שפּאס:

— א טאלער!

דריקט איהם דער גאלדשמיד דאס פינגעריל אין דער לינקער האנד אריין, חאפּט איהם אוים דעם טאלער פון דער רעכטער האנד און לויפט אין שענק אריין. דעם װארם פערגיסען, דאס הארץ צו דערחאפּען...

ווילען מיר איבערלאזען, פערשטעהט זיך, דעם גאלד־שמיד און נאכגעהן דעם בחור.

קלערט דער בחור: משוגע? נאר זיין דאגה און געהט מיט'ן פינגעריל צו דער בתולה, צו וועלכער ער האט זיך גע'שדכנ'ט...

איז דאך אבער נשים דעתן קלות, האט די בתולה, צו וועלכער ער שדכנט זיך, צוויי חתנים. איהם, א בעל־בתיש קינד מיט א פּאר פאים און א חלק הויז — איז איינער, און א הוזאר (אין

שטערטיל איז קאוואליעריע געשטאַנען), אַ הוזאַר מיט אַ קיווריע מיט שווערד, טראָלבען און שפּאָרען, אַ בריה נפלאה אויפ'ן פערד — דער צווייטער. אויסקלויבען איז שווער. בפרט: אַ הוזאַר, היינט איז ער דאָ, מאָרגען רייט ער אַוועק... ישוב'ט זי זיך אַליין. דערווייל, דער בחור קומט אַרויף, נעהמט זי איהם צו בסבר פנים יפות. דאָס פינגעריל אודאי, עס פערנעהמט די אויגען... הכלל — מען רעדט, מען לאַכט, ווי דער שטייגער איז... די צייט שטעהט דאָך נישט, פאַלט צו דער אָוועגד, דערהערט זיך פון מאַרק, פון דער הוזאַר־וואַך, אַ טראָמפּייטיל, אַ פּייקעל האַלט אונטער, מען הייבט אָן שפּיעלען זאָרעס... מיין בתולה דערמאָ־נט זיך אָן יענעם, ווערט אונרוהיג, זאָגט אַליין אינ'ם איינעם: שפּעט, שפּעט! מען וועט זי, חס ושלום, בערעדען, און דערלאַנגט איהם, אָבצוקומען, דאָס מיילעכיל, און שטופּט איהם אַרויס פון טהיר. און עס איז שוין געווען די רעכטע צייט, קוים איז דער בחור אַראָב פון די טרעפּ, אַריבער דאָס געסיל און פערבוי־גען אין עק — טופּ, טופּ, טופּ: אַ רייטער פון דער צווייטער זייט! אָט איז ער שוין פאַר'ן פענצטער; שפּרינגט שוין פון פער־דיל אַראָב, בינדט עס צו צו'ן אַ שטאַכייט. אָט קלינגען שוין שווערד און שפּאָרען אויף די טרעפּליך, דאָס טהיר'ל פראַלט אויף...

איך וועל אייך נישט לאַנג בריייען: איבער נאַכט איז פון דער כלה־מתנה אַ חתן־מתנה געוואָרען... קוים אויפ'ן שפּיץ פון יונגסטען פינגער אַרויף...

דאָ ענדיגט זיך אָבער נאָך נישט די מעשה; דעם „בריליאַנט״ איז געווען עפּיס בעסערם בעשערט...

בעלות, קוים עס רייטעלט זיך דער מזרח... דאָס פערדיל קאָפּעט נאָך אַליין און קאָפּעט מיט די פיס אין ליימי־גען געסיל און קיינער הערט עס נישט, וועקט זיך פּלוצלונג אין דער וויטער שטילקייט אַ קול פון אַ טראָמפּייט... „טרעף־וואָגע״ ווערט געבלאָזען! ביי־נאַכט איז פּלוצלונג אַ גרויסער

יערנעראַל געקומען, ווערען די הוזאַרען געוועקט, צום עקזערציער פּלאַץ גערופען... אַ רעוויע וועט זיין — טראַ-ראַ-טראַ! מיין גבור מיט'ן פינגעריל שפּרינגט אויף, וויל לויפען, אָבער נישט לייכט איז דעם פישעל זיך אַרויסצוזייסען פון דער נעץ... זי וואַרפט איהם די ווייסע הענד איבער'ן האַלז. פלעכט ער זיי אויף, לויפט זי און בעהאַלט איהם דעם קיווער, דאָס שווערד... און נאָכאַמאָל געזעגענען, און נאָכאַמאָל... קוים מיט צרות פון די הענד אַרויס. טראַפּ-טראַפּ-טראַפּ פון די טרעפּ אַראָב, אויפ'ן הונגעריגען, נור דערפרעהטען פערד אַרויף, און פאַף — פייל פון בויגען צום פּלאַץ, די ראָטע שטעהט — אין אָרט אַריין... און — פּאָד קאָזעראָק! דער עסקאַדראָני קאָמאַנדיר שטעהט איהם אויג אָן אויג, און זעהט, עפענט שוין דאָס מויל אויף אַ „מי שברך”.

גיט איהם אָבער דאָס פינגעריל פּלוצלונג אַ בליץ אין די אויגען. ווערט ער רויט, ווי אַ צונטער, און חאַפּט איהם דאָס פינגעריל פון שפּיץ פינגער אַראָב:

— גע'גנב'עט?

שטאַמעלט ער: וואַשע, אַזוי און אַזוי... חושד בכשרים... חס וחלילה...

מילא, דעם אמת אויסזאָגען קאָן ער דאָך נישט. ער וועט דאָך נישט אויסגעבען די בתולה פון אַ בעל-בתיש הויז! פּלאַצט ער אַרויס:

— געקויפט!

— פאַר וויפיעל? — פאָרשט שטרענג דער אָפיציר.

שלעכט! טראַכט דער הוזאַר, עס מוז דאָך עפּיס ווערטה זיין... און גיט אַ זאָג פאַר'ן טייוועל:

— צוואַנציג טאָלער!...

אַ מטמון מיט געלד פאַר אַ הוזאַר! דער אָפיציר עפענט שוין דאָס מויל אויף אַ נייעם „מי שברך”... באותו הרגע שפּרינגט אָבער אָן אַ ווייס פערד, דערויף — אונטער איהם — אַנדערע פערד — קלענערע גענעראַלען.

ער אַליין גיט אַ פרעג:

— געזונד?

אַלע עסקאַדראָנען ענטפערן: געזונד! אַ דונער אַ געפּיל־דער! די ערד ציטערט...

און באַלד — די רעוויע... און אַז עס איז בעשערט, צייכענט זיך אויס דער עסקאַדראָן פון אונזער גבור: געיאָגט ווי אויף פליגעל, געשפרונגען אויף די פערד, ווי די שדים, דורכגעלעכערט די ציעלען על צד היותר טוב... קריגען די הוזאַרען אַ „דאַנק" און אויף משקה, אונזער אָפיציר ווערט אויפ'ן אָרט — פאָלקאָווניק... אַ שמחה, אַ גדולה, משתה ויום־טוב, טרינקט מען אַ חודש, צוויי... דער הוזאר האָט דער־ווייל אויסגעדיענט, און איז אַהיים מיט גרויס שמחה: פטור בלא כלום, פאַר נאַריש פינגעריל, פאַר'ן פערשפעטיגען. דער פאָלק מיט'ן קאָמאַנדיר זענען באַלד אַרויס אין אַ גרעסערע שטאָדט, אין לאַגער אַריין... און דאָס פינגעריל וואָלט גאָר פערגעסען געוואָרען, ווען נישט דאָס, וואָס האָט זיך ווייטער געטראָפען:

אין פאָלק איז פלוצלונג געוואָרען אַ פגירה אויף פערד. מילא, אַ צער בעלי־חיים איז עס; פאַלען ווי די פליגען. האָט דאָך אָבער יעדער מענש שונאים, בפרט אַיין אָפיציר, וואָס איז אַזוי פלוצלונג עולה לגדולה געוואָרען. געפינט זיך איינער און שיקט צום מלכות אַ מסירה אויפ'ן פוראַזש! כאשר בכן דער האָבער איז גאָר קיין האָבער נישט...

איז עס פונקט פאַר אַ מלחמה, איז די זאַך שטרענג. שיקט תיכף ומיד דאָס מלכות אַראָב גאָר אַ גרויסען גענעראַל אויף אַ רעוויזיע. בעפאַלט ער, לויפט גלייך צום מאַגאַזין, בעקוקט דעם האָבער, דרעהט מיט דער נאָז, פאָהרט אין קאַנצעלאַריע אַריין, שיקט רופען דעם פאָלקאָווניק. קומט ער, נעהמט ער איהם אויף זיצענדיג, שטרענג, דער פאָלקאָווניק שטעהט פאָר־קאָזעראָק. עס ציטערן אונטער איהם די פיס... מישט זיך ווייטער אַריין דער בריליאַנט. דער גענעראַל הייבט

אויף איין אויג — פון בריליאַנט שיסט אַ בליץ אין אויג אַריין, גיט ער אַ שפּרינג אויף און אַ בריל ווי לייב:

— לאַקכע-בחור!

אין אונזער מדינה הייסט עס: חאַבאַרניק, וואָרום ווי קומט צו אַ פּאָלקאָווניק פון נישט אַ רייך הויז אַזאַ גרויסער, טייערער בריליאַנט? רייסט ער איהם דאָס פינגעריל פון פינגער אראָב, ער וועט עס צולעגען צו די אַקטען, און פרעגט:

— וויפיעל בעצאָהלט?

זעהט דער פּאָלקאָווניק, אַז עס איז אַ דבר גדול, אויסזאָגען דעם אמת קאָן ער נישט, גיט ער אַ פּלאַץ אַרויס:

— טייזענד טאָלער!

און אַז דער גענעראַל קוקט נאָך אַלץ, נישט גלויבענדיג, מיט איין אויג, גיט ער צו אַ וואָרט-צייכען:

— פאַר טויזענד איינס טרעט איך עס אָב...

לאָזט דער גענעראַל דעם קאָפּ אַראָב און שרייבט:

ראשית שרייבט ער, אַ ראַפּאָרט צום מלכות... אז דער האָבער איז ריינע פּעריל. והשנית: אַ שטר חוב אויף טויזענד און איין טאָלער; לכשירויח וועט ער אָבגעבען... און פאָהרט צוריק...

צינד דאָרף געשעהן דאָס וואונדערליכסטע...

מען ווייסט נישט ווי אַזוי, נור דאָס פינגעריל איז געקומען אין חצר המלכות אריין! איינמאָל, די מלכה זיצט פערטראַכט, פערליערט דאָס נאָטיכעל פון שוים, הייבט עס אַ הויפדאַמע אויף, אַ יונגע, ערשט אָנגעקומענע און אַ יפה-פיה... און לעגט עס צוריק.

הייבט די מלכה אַ ביסעל די ברעמען אויף, וויל דאַנקען מיט אַ האַלב מויל, ווי עס פּאַסט פאַר אַ מלכה, עפענט די ליפּעליך, און בלייבט מיט די אָפענע ליפּעליך זיצען. וואָס איז? דער בריליאַנט פון דער הויפדאַמע'ס אַ פינגעריל האָט עס איהר אָנגעטהון! ממש פערכשופ'ט האָט ער זי.

נעהמט זי צו בעקיקען: זי האָט נאָך אַזאַ בריליאַנט אין אַ פינגעריל נישט געזעהן, נישט אין די שאַצקאַמערן, נישט אין בתרי-המלכות... פרעגט זי:

— פון וואַנען קומט צו דיר אַ בריליאַנט?

ווערט די הויפדאַמע רויט און טויט און פערציטערט, און ענטפערט נישט אַ וואָרט.

מוז דאָך דאָ עפּיס זיין, און אַ ביסעל אייפערזיכטיג איז אַ מלכה אויך וואָרען ווער, אז נישט אַ מלך קאָן קויפען אַזאַ מתנה? הייבט זי זיך אויף און געהט אריין צום מלך אין קאַבינעט און וויזט איהם דאָס פינגעריל. זי וויל זעהן, וואָס ער וועט זאָגען... וויסט ער לחלוטין פון גאָרנישט, און ווערט פון בריליאַנט פער'כשופ'ט. ער האָט נאָך אַזאַ קלאָרען ריינעם בריליאַנט, און אַזאַ גרויסען, און אַזוי אָהן אַ שמי'ן פנימר נישט געזעהן. עפענט ער גרויסע אויגען און קאָן זיך זאַ נישט אָנקוקען. דערצעהלט איהם די מלכה אַזוי און אַזוי די און די הויפדאַמע האָט עס געטראָגען. זאָגט דער מלך אַז פון וואַנען דאָס פינגעריל קומט, וויל ער נישט וויסען מאַלע וואָס עס טהוט זיך אין הויף... נור דער בריליאַנט פּאַסט נישט פאַר קיינעם, נור פאַר אַ מלך. דער הויפדאַמע וועט ער זיין ווערטה בעצאָהלען... און נעהמט צו דאָס פינגעריל.

נעהמט מען באַלד דאָס פינגעריל, מען קריצט-אויס דעם מלך'ס נאָמען מיט'ן הערב פון דער מדינה, ווערט דאָס פינגעריל: אַ חותם-המלכות. דער מלך חתמ'עט דערמיט אַלע פּאַפּירען, הן אין דיני ממונות, הן אין דיני נפשות, הן אין פּאָליטיקע. ווער עס קריגט דאָס פינגעריל, אַ ווײַלע אויפ'ן פינגער אַרויף, קאָן חרוב מאַכען אַ וועלט, האָט פראַוו להשמיד ולהרוג. ווען און וועמען ער וויל אַריינוואַרפען אין קייטען און אין תפיסות. לאָזט עס טאַקע דער מלך נישט פון פינגער אַראָב... און כדי צו בעלוינען די הויפדאַמע, הייסט דער מלך רופען מבינים, זיי זאָלען אָבשאַצען דעם ווערט פון בריל-יאַנט... קומען זיי... ווערט זה בכה וזה בכה! איינער זאָגט:

אדריטעל, איינער — אַ האַלבען, איינער גאָר — אַ גאַנצען מיליאָן... וואָס טהוט מען? דערמאָהנט זיך דער מלך אָן פריהערדיגען הויף-גאָלדשמיד און גיט אַ בעפעל:

— ברענגען...

ברענגען איז ברענגען!

נעלם געוואָרען; מאַכט מען אַ חקירה ודרישה. עס דויערט אַ צייט, מען ווערט געוואָהר. מען שיקט אַ דבר מלכות; ווי דער שטייגער. מילא, אז די קליינע שרים פון קליינעם אָרט בעקומען אַ בעפעהל, צו צושטעלען דעם גאָלדשמיעד צום מלך, וואָס קלערען זיי? ער האָט אַוודאי בע׳גנב׳עט אַמאָל די שאַצקאַמער, און צינד ערשט איז מען דערגאַנגען. וואַרפט מען אַריין דעם בחור אין קייטען און מען שיקט איהם צום מלכות, אַ צושלאָגענעם און אַ האַלב טויטען פאַר פחד... קומט ער קוים מיט צרות אָן.

מעלדט מען דעם מלך: ר׳אי׳דאָ, נור...

מען וויל איהם זאָגען, אז מען נעהמט איהם אַראָב די קייטען, איז אָבער דער מלך בייז, שלעכטע ידיעות פון דער מלחמה בעקומען, גיט ער אַ געשריי:

— קיין שום „נור״!

ברענגט מען איהם שוין אַריין, ווי ער שטעהט און געהט.

בעמערקט עס אפילו נישט דער מלך. ער ווייזט איהם דעם בריליאַנט און פרעגט:

— וויפיעל ווערטה?

ענטפערט יענער: גאָר נישט!

— ווי הייסט?

און די שרים אָרום:

— ווי הייסט, חותם-המלכות... גאָר נישט?...

— און דער גרעסטער בריליאַנט אין דער וועלט! גאַפען אַנדערע...

דער גאָלדשמיד ווערט גאָר נישט נתפעל:

— ס׳איז נישט קיין בריליאַנט, — זאָגט ער.

— ס׳טייטש, יענע שאַצען דאָך אויף הונדערט-טויזענדער...

— איך ווייס בעסער!

ווערט שוין דער מלך אונרוהיג און פרעגט, נישט מיט זיין קול:

— פאַרוואָס — בעסער?

— ווייל — ענטפערט ער — איך מיט מיינע הענד האָב׳ס געמאַכט...

און ער וויל דערצעהלען ווען, ווי אַזוי — און האָט אָבער נישט דערצעהלט...

אַרויסגעשלעפט און אין תפיסה אַריין, און מיט רעכט!

מען האָט מיט דעם בריליאַנט אַזוי פיעל פסקים גע׳פסק׳עט, אַזוי פיעל גיטער גענומען און געגעבען, אַזוי פיעל הייזער, אַזוי פיעל שטעדט... און אַזוי פיעל מענשען געהייכט אין געקריינט און אַנדערע אין קייטען געשמיעדט, אין תפיסות געוואָרפען, אין וואַסער, אין פייער אַריין און געפערטילט... די פסקים זענען און מוזען בלייבען וואָהר און דער מלך מוז זיין און בלייבען אמת, און דער חותם זיינער אמת; טבעת המלך — טבעת המלך, מוז זיין דער בריליאַנט — בריליאַנט...

אַזוי האָט גע׳פסק׳עט דער גרויסער מיניסטער.

— — — — — — — — — — — —

ד׳ מעשה, וואָס איך האָב אייך דערצעהלט, איז, ווי אַלע מעשה׳לעך, אַ משל. און, ווי יעדער משל, נישט מיט אַלע פרטים דומה לנמשל; מען מוז דאָך עפּיס צוגעבען לגוי... להרור המעשה...

אָבער אַ מעשה איז עס!

און שטאַמען שטאַמט זי פון אַ מקום גדול — איש מפי איש פון רבי׳ן ר׳ יונתן!

# דער בילדהויער.

„עס זענען אמאל צוויי בילדהויער געוועזען״ . . .

און מיר זעצען זיך איבער: רזשעזוביאַרזשים, סקולפּטאָרען, שטיין־שניצער . . .

״אוןביידע זענען גרויסע מייסטער, גרויסע קינסטלער געוועזען. ביידע האָבען שוין געהאַט אַזאַ כּשוף אין די פינגער; פון אונטער דעם האַמער לעבט אויף דער מאַרמאָר, און ער הערט, זעהט און רעדט!״

„נאָר אין חאַראַקטער זענען זיי פערשיעדען געוועזען; צוויי איינגענאַרטיגע נאַטורען.״

„איינער איז געוועזען אַ טיעפע, ערנסטע און אַ ווינדערליך טרויעריגע נאַטור... דאָס לעבען האָט ער נישט פיינר געהאַט, ער האָט זיך נישט איבערגעלעבט, און דאָך וויים ער, אַז אונטען אין יעדען בעכער ווין ליגט אַ טראָפּען גאל; אַז נאָך יעדער אויסגעלאַסענער פרייד געהט קאַצעניאָמער... אַז דאָס לעבען איז קיין וואלץ צום אָבטאַנצען, קיין ליעד צום אָבזינגען, נאָר אַ טיעפע, מיעפע רעטעניש, אַ זיסע טיעפע ווייטאָג...״

„דער צווייטער איז, פערקעהט, אַ נאַטור־קינד! אַ לעבקינד! די רויטסטע עפּעל, די שענסטע בלומען, די ברענענדיגע זון, ברענענדיגע ווייבער־אויגען!״

— „ווין, ווייבער און געזאַנג״ איז זיין ערשט—„בראַקאַט, גאָלד און פלאַמען״ דאָס צווייטע וואָרט . . .

און בשעת דער ערשטער האָט אינ׳ם שטיין אידעען פער׳כשופ׳ט; בשעת ווען ער האָט — געמיימטערט העלדען, וואָס שליידערן גאָט און דער וועלט, פעלקער און קעניגע דאָס שאַרפסטע וואָרט אין פנים אריין; מאָנאַרכען, וואָס שליידערן פּלוצלונג, ווי פון אַ דבוק בעפאַלען, די שווערד פון דער זייט אַוועק, און וואַרפען זיך אויף די קניען פאַר׳ן אָפענעם הימעל און זינגען און שפּיעלען גאָט׳ם לויב, — היי־ליגע, וואָס מאַכען קראַנקע געזונד מיט׳ן גלויבען; פּראָפעטען, וואָס שפּאַלטען שטיינער און קוואַלען וואַסער שפּריצען, וואָס פיהרען פעלקער איבער מדבריות אין ימים — צום פרייען לאַנד — —

מאַלט דער צווייטער, שפּיעלענדיג, געטער און מענ־שען מיט יצר־הרע־פלאַמען אין די אויגען, שווימענדיגע בע־כער ויין אין הענד. און שענהייטען, וואָס שפּרינגען אַרויס נאַקעט פון שוים פון ים.

דער צווייטער בילד־הויער פערשטעהט די וועלט, און די וועלט איז איהם דאַנקבאַר; ער מאַלט דאָס לעבען הייסער, דאָס בלוט קאָכענדיגער, דעם געַנוס שטאַרקער...

מען זעצט איהם, אוים דאַנקבאַרקייט, אַ בריליאַנטענע נאָדעל אין קראַוואַט אַריין, מען שפּרייט איהם לעבעדיגע בלומען אונטער די פיס, מען שטאָפּט איהם אָן דעם מאָגען מיט אַלעם גוטען און די טאַשען — מיט גאָלד, און אַז ער בעוויזט זיך, רייסט מען זיך אוים דעם האַלז שרייענדיג:

— לעבען זאָל דער קינסטלער!

דעם ערשטען פערשטעהען נאָר יחידי סגולה...

ביי זיין אַרבייט שטעלט זיך זעלטען עמיץ אָב...

נאָר פאַר דאָס, ווער עס טהוט עס, דער געהט שוין אַוועק שטיל־שווייגענדיג, טיעפער און ערנסטער ווי פרי־הער... איינער זיפצט, אַ צווייטען בעווייזט זיך אַ טרעהר אין אויג...

און פאַר דעם זיפץ, פאַר דער טרער, איז דער רייכער בילדהויער דעם אָרימען מקנא...

ער וויל, ער מוז זיך נוקם זיין!

איין קינסטלער, איין בילדהויער, איין וועלט-הערשער מוז ער בלייבען!

---

און איינמאָל, האָט דער רייכער בילדהויער פערזאַמעלט הונדערטער פון זיינע שילער און איז דעם אָרימען בעפאַלען...

מען האָט צערשטערט זיין אַטעליע, די שענסטע און בעסטע אַרבייט צובראָכען, איהם אַליין האָט מען געבונדען און אין רייכענס ווערקשטעל אַריינגעפיהרט!

— דאָ וועסט דו אַרבייטען, אונטער מיין אויג, לויט מיינע פּלענער, לויט מיין בעפעהל!

און עס איז אַזוי געשעהן!

און מיט דער צייט איז פון גרויסען בילדהויער אַ נאָכמאַכער, אַ נאָכמאַכער געוואָרען, אונטער אַ פרעמדען נאָמען, פון אַ פרעמדער ווערקשטעל און לויט פרעמדע מוסטערן געהט אַרויס זיין אַרבייט אויף דער וועלט...

נאַקעטע שענהייטען, פלאַמענדיגע ווייבער, שוימענדיגע בעכער... שכור'ע מענשען און געטער...

מאַנכע דערקענען נאָך זיין האַנד אָן דעם פיין-ביטערן שמייכעל, וואָס בעהאַלט זיך דאָך אין אַ ווינקעל פון די געטער- און מענשען-ליפּען... פון לייכטען חוזק, וואָס שוועבט דאָך, קוים צו דערקענען, אונטער דער מאַסקע פון אויסגעלאַסענעם לעבען... אָבער נאָר מאַנכע...

פון דער אַלטער אַרבייט זענען עטליכע מאָנומענטען געבליבען; זיי אָבער האָט מען פערגעסען...

די וועלט מיינט:

— דער אַלטער מייסטער איז — געשטאָרבען!

# דער פיער פארביגער לאמטען און די פיער קליינע הינטעלעך.

אַמאָל איז אַ פריץ געוועזען.

געהייסען האָט ער, ווי מען האָט איהם אַ נאָמען גע-געבען; זאָל זיין — נמרוד:

„ונמרוד גבור ציד לפני ה׳״, אזוי ווי אין פסוק שטעהט!...
דער פריץ איז אַ גרויסער יעגער געוועזען. די תבואה האָט ער נאָך אויפ׳ן פעלד פערקויפט, פאַר דאָס, דעם וואלד נישט גערידהרט! דאָרטען האָבען וועלף, בערען, פוקסען און האָזען געלעבט, און געריבען די האָהריגע פעל אָן אלטע, הונדער-טער-יעהריגע ביימער...

איינמאָל איז ער, ווי געוועהנליך, אויף דער יאַגד גע-גאַנגען.

מיטגעגאַנגען זענען: ירבעם, נבוכדנצר, המן און אַנדערע הונד. איין זרש איז פון די בעסטע הונד אין דער היים גע-בליבען.

זרש איז דעמאָלט אַ פרישע קימפעטאָרען געוועזען; אויף פיער בלינדע הינטלעך איז די „יולדת״ געזעסען.

און שטיל איז אין פאַלאַץ געווען. אַז נמרוד געהט יאָ-גען, געהען די משרתים און די משרתות אין קרעטשמע אריין טאַנצען. און אויף זרש׳ס פנים האָט זיך אויסגעגאָסען אַ העל-רויטליכע פארב פון ליעבשאַפט צו די הינטישע גבורים לעתיד

לבוא, און אין איהרע אויגען האָבען שוין די שטראַהלען פון זייער קינפטיגען ליוב געבליצט... די ערשטע „חאַפּער“ ווע־לען זיי זיין, און „אַפּאַרטיערען“ וועלען זיי צו דער האַנד ערליך און געשיקט... צווישען די אויסגעשאַרפטע צייהן וועלען זיי, אָהן אַ שאָדען, צוטראָגען פוקסען אין העזליך... און זייער בילען וועט איבערשרעקען לייבען; עלעפאַנטען וועלען אַנטלויפען... און עסען וועלען זיי מיט נמרוד'ען פון איין טעלער...

און די אויגען איהרע ווערען פאַר'ן זיסען נחת שמע־לער און שמעלער, ביז די זיידענע ברעמען פאַלען צו. און זרש, — עס קומט איהר, דער קימפּעטאָרען! — שלאָפט איין, פלוצים ענדערט זיך דאָס בילד:

פאַר אַ זינד, וואָס זי איז געווים נישט בעגאַנגען, פאַר אַ בלבול, וואָס נבוכדנצר, איהר אייביגער שונא, האָט אויף איהר געמאַכט, האָט מען זי אין וואַלד אַריין נישט מיטגענו־מען... צוגעבונדען האָט מען זי פאַר דער טהיר, ווי אַ געמיי־נעם שעפער־הונד... פון וואַלד הערען זיך טראָמפּייטען... פון וואַלד לויפט אַרוים אַ האָז. ער שטעלט זיך אין עק וואַלד, מיט די פאָדערשטע פים אויפ'ן פעלד. ער זעהט זי און אַנ־טלויפט נישט... ער קוקט אויף איהר מיט בזיון, ער פאַר־סקיט, ער לאַכט! די וואָנסאַליך ציטערן פאַר לאַכען!...

דאָס וועט זי נישט דערליידען! אַ שטריק איבעררייסען איז ביי איהר אַזוי פיעל, ווי, להבדיל, ביי שמשון הגבור; זי ציהט זיך איין און בלאָזט זיך אָן, און גיט אַ שפּרונג —

דער שטריק פלאַצט און זי לויפט...

דער שטריק האָט געפלאַצט אין חלום; אויפגעחאַפּט, האָט זי אַ שויב אויסגעהאַקט און איז אַרויסגעשפּרונגען אין וואַלד אַריין!

די קליינע בלינדע הינטליך האָבען דערפיהלט: ערשטענס, קעלט, צווייטענס — הונגער.

און ביידע קוואַלען זענען גרעסער געוואָרען, אַז די זון

איז אונטערגעגאַנגען, און די, מיט מאַיאָליק אויסגעלענטע, קיך־דילען האָבען זיך שטאַרק אָבגעקיהלט...

און פון וואַלד הערט זיך אַלץ אינאייגעם דער האָרן...

פאַר שרעק, פאַר הונגער און קעלט זענען אַלע פיער הינטלעך פון קויש אַרויסגעשפּרונגען, צולאָפען זיך אומגע־לומפּערט אויף די אויסגעבויגענע פיס, און בלינדערהייט זיך שוין נישט אויפגעזוכט... יעדערער האָט זיך און זיין ווינקעל איינגעהויקערט...

און פון אַלע פיער עקען האָבען אַלע פיער געפּישצעט פאַר שרעק, פאַר הונגער, פאַר קעלט.

ווער וועט אויף זיי רחמנות האָבען אין שטילען לע־רען הויז?

נמרוד יאָגט אין וואַלד, די דיענערשאַפט טאַנצט אין קרעטשמע, די מוטער האָט זיי פערלאָזט און פ ע ר ג ע ס ע ן...

---

דאָך איז די וועלט אַזוי איינגעריכטעט, אַז ווען זאָגאַר בלינדע קליינע הינטלעך פּישצען, פּישצען זיי נישט אומזיסט...

ווייט ווייט אין גרין־געמאָלטען עס־צימער, אויפ׳ן טיש, אויף אַ שניי ווייס טישטוך, צווישען קריסטאַלען עס־ און טרינק־געשיר, אין אַ גאָלדענעם רעהרען־לייכטער, שטעהען ליכט, גרויסע סטעאַרין־ליכט.

זיי הערען און האָבען רחמנות...

פאַר גרויס צער בעלי־חיים, האָט זיך איינם אַזוי דער־היצט, אַז עס האָט זיך פון זיך אַליין, אָהן אַ פונק פרעמד פייער, אָנגעצונדען און צופלאַקערט!

און דאָס צופלאַמטע ליכט זאָגט:

— ברידער, איהר וואַרט דאָ אויף נמרודן!... לייכט איהם ביי דער מאָלצייט, מאַכט איהם פרעהליך דאָס האַרץ... איך געה צו די אָרימע הינטלעך.

— וואָס רעדסט דו, אַזוי נידריג אַראָב ווילסט דו?

— מיין מזל איז שוין אַזוי. און זיי זענען אַזוי אָרים, אַזוי אָרים; פון דער אייגענער מוטער פערלאָזט...

— מיט וואָס וועסט דו זיי דיענען? וועסט זיי אָנזייגען?

— איך האָב נישט איהרע בריסטען, — ענטפערט עס טרויעריג.

— וועסט זיי אָנוואַרימען?

— איך האָב נישט איהר האָהריגע פעל.

— וואָס דען?

— איך וועל זיי ל י י כ ט ע ן!...

— זיי זענען בלינד!

— ביי מיר וועלען זיי געשווינדער די אויגען עפענען!

— וואָס טויג זיי ליכט? וואַרימקייט דאַרפען זיי, מילך...

— זאָל יעדערער טהון, וואָס ער קען... איך האָב ליכט, וועל איך געבען... זיי וועלען די אויגען עפענען און זוכען די רעשט און געפינען אַליין...

— געה! — לאַכען יענע, נישט אָנגעצונדענע, צוריק אָבגעקיהלטע ליכט... וועסט גאָר נישט מאַכען, ניין!

— פאַר וואָס?

— פאַר דעם... זיי וועלען, נישט דיין ליכט מיט די בלינדע אויגען, נאָר דיין חלב מיט די אָפענע גאָז דער־שפירען, אויפפרעסען וועלען זיי דיך!

דאָס באַרמהערציג-דערפלאַמטע ליכט דערשרעקט זיך.

אָבער אַ וואָרט — אַ מאַן! דער גורל איז געפאַלען!

עס גאַרטעלט זיך אונטער, רייסט זיך אויס פון ענגען לייכטער, עטעמט פרייער אָב, רוקט זיך פון טיש אויפ'ן דיוואַן איבער די דילען, און רוקט זיך ווייטער און ווייטער, און הערט אַלץ שאַרפער און שאַרפער דאָס רחמנות-בעטענ־דיגע-קליין-הינטישע געוויין און געהט אַלץ שנעלער און שנעלער.

נאָר אויפ'ן וועג האָט עס אַ גלעזערן הייזיל דערזעהן... אַ לאַמטערן מיט פיער פערשיעדענפאַרביגע שויבען! דאָס האַרץ

האָט אין איהם אַ ציטער געטהון פאַר פרייד! דאָס וועט זיין זיין פאַנצער, זיין רעטונג, פאַר הונגעריגע מיילער! און פאַר די שוואַכע אויגען וועט בעסער זיין דאָס פאַרביג, איי־דעלע ליכט, נישט ווים מיט אַמאָל—ווים קען שאַדטען...

און ער געהט אריין אין לאַמטערן און געהט ווייטער אין זיין שליחות אָבער שוין לאַנגזאַמער...

---

קיין זאַך קען נישט ביישטעהן דעם שטאַרקען ווילען.

וויל, און די גאַנצע וועלט וואַרפט זיך צו דיינע פיס! ביי די הינטלעך האָבען זיך די אויגען געעפענט. זיי האָבען ליכט דערזעהן, נאָר יעדעס אין זיין ווינקעלע, דורך איין אַנדער גלאָז...

— בורא מאורי האש! האָבען אַלע געבענשט מיט אַמאָל, אָבער באַלד האָט זיך דער אונטערשיעד בעוויזען:

— ליכט איז געל! רופט אַ הינטעל פון זיין ווינקעל ארוים מיט פרייד.

— נאַר! — רופט אַ צווייטס פון צווייטען ווינקעל — ליכט איז גרין!

און אַ דריטס:

— איהר האָט נאָך ביידע די אויגען רעכט נישט גע־עפענט! איך זעה! ליכט, זאָג איך איך, איז בלאָה! בע־שיינפערליך בלאָה!

און דאָס פירטע שרייט:

— אויב דו האָסט די אויגען אָפען און דו זאָגסט, אַז ליכט איז בלאָה, ביסט דו אַ ליגנער! ליכט איז — רויט! ווערט אַ וכוח!

שפּאַרט מען זיך הינטיש־היציג: —

— איך שווער, אַז ליכט איז געל!

— ביי מיין לעבען — ליכט איז בלאָה!

— ביי דער מאַמען — ליכט איז רויט!

— בײ גאָט אין הימעל — ליכט איז גרין!
שרײט אײנס:
— פעלשער אָדער בלינדע! קומט נענטער!
װערט אַ געשרײ:
— נענטער, נענטער!
און אַלע פיער שפּרינגען אין דער מיט אַרײן...
אָבער שױן נישט צום לאַמטערן, נישט צום ליכט...
די אױגען זענען שױן פון האַס פערגאָסען, די הינטישע הערצליך זיעדען פון גרימצאָרן...

אײנס צום צװײטען שפּרינגט צו. אַלע גרײט זײער רעכט צו בעװײזען. יעדעס מיט'ן פיסקעל אין יענעמס פעל אַרײן! מיט די צײהן אין יענעמס פלײש די װאָהרהײט צו בעשטעטיגען, צו בעפעסטיגען...

ליגנער מוזען פערטיליגט װערען, ליגנער האָבען קײן רעכט אויף לעבען; דער פערפיהרער, און װען עס איז מײן אײגענער ברודער, מוז שטאַרבען...
און עס פלאַמט אויף דער גערעכטער צאָרן...

און פון די צונױף־געשפּרונגענע, נאַר־װאָס זעהעװדיג געװאָרענע הינטליך װערט אַ קנױל, װאָס װאַרפט זיך און צאַפּעלט צװאַמען אין שטרײט פאַר דער װאָהרהײט...
יעדעס איז גרײט פאַר'ן אמת צו טײטען און — געטײט צו װערען...

װאַרפט די פערצאַפּעלטע קנױל דעם לאַמטערן אום; פערלאָשען געװאָרען דאָס ליכט, און נאָך מעהר האָט זיך צו־פלאַקערט דער קריעג װעגען ליכט אין דער — פינסטער...

און אַז זרש איז, פערסאַפּעט און מיט שװײס בעגאָסען, צוריק אַרױס פון װאַלד, האָט זי אויף דער שװעל פון פּאַלאַץ דערזעהן אײנעם פון איהרע שפּעטערע גבורים ליגען צובי־סען און צובלוטיגט...
זי לױפט צו,

— וואָס איז מיט דיר ? גאָט ! וואָס איז געשעהען, וואו זענען דיינע ברידער ?

— איך האָב קיין ברידער נישט—ענפערט דער האלבּ-טויטער, — ליגנער זענען זיי, פאלש געשוואָרען האָבען זיי ! איינער שווערט, אז ליכט איז געל, דער צווייטער, אז ליכט איז גרין, דער דריטער — רויט, און איך האָב אליין געזע-הען, אז ליכט איז בלאָה, איינפאך בלאָה ! זיי ליגען דאָרט. די ליגנער, די ליכט-לייקנער ! אויך צוביסען...

---

און געענדיגט האָט ר' שלמה :

— „ויהי אור" ! האָט גאָט געזאָגט. פארביגע לאמטערן האָבען נארישע מענשען געמאכט.

---

דארף איך אייך זאָגען, אז מיט דעם מעשה'לע האָט זיך געענדיגט א וכוח, ווי אזוי מען דארף רעדען צום פאָלק, שריי-בען פאר'ן פאָלק ?

---

# די היטערין פון היילינגען פייער אין טעמפּעל.

(לעגענדע).

דער מענש פון דער אנטיקער וועלט האָט וועגען פייער אזוי געטראַכט:

„פייער גיט וואַרימקייט, פערטרייבט די קעלט; קעלט איז טויט, וואַרימקייט איז לעבען — דער קוואַלן פון לעבען איז פייער".

„פייער פערטרייבט דאָס ווילדע טיער פון וואַלד, פייער איז גוט".

„פייער איז די מוטער פון ליכט. ליכט פעריאָגט די שאָטען פון דער נאַכט... פייער איז וואויל."

„און ריין איז פייער און רייניגט אַלץ — אַ ריינינקייט, אַ הייליגקייט איז פייער..."

„זון, לבנה און שטערען — אַלץ, וואָס לייכט, — וואוינט אין הימעל; פון דאָרט האָט געמוזט אַ גאָט דעם מענש דאָס פייער ברענגען; אויס באַרמהערציגקייט. ווי וואָלט אויסגעזעהן אַ מענש אָהן פייער?"

אזוי האָט אונזער עלטער־עלטער־עלטער־זיידע וועגען פייער געטראַכט; און אין זיין טעמפּעל ריין און הייליג דאָס פייער געהאַלטען און געהיט. —

און צום היטען דאָס פייער איז געוועהלט געוואָרען די יונגפרוי: דאָס ריינסטע, דאָס שענסטע, דאָס הייליגסטע און ריין־שטראַהלענדיגע...

האָט די אויסדערוועהלטע יונג-פרוי דאָס פייער אין טעמפעל, ווי איין אויג אין קאָפּ געהיט. איהר לעבען דעם העלסטען און הייליגסטען (אָדער דעם סימבאָל פון העלסטען און הייליגסטען) געאָפּפערט... איהר האַרץ און איהר ריין-יונגפערליך-געפיהל דעם פייער איבערגעגעבען; מיט שמעקענדיגע קרייטעלצער גענעהרט, מיט'ן ריינסטען מענשען-אָטעם אונטערגעפאָכט, און ריין, און לעבענדיג געהאַלטען...

האָט זיך אָבער געטראָפען, און די פייער-היטערין האָט א רגע אָן הייליגען פייער פערגעסען; האָט זיך פון אַלטאַר אָבגעווענדט, פון טעמפעל אַרוים — און דאָס פערלאָזטע פייער איז אויסגעגאנגען —

דאַן — וועה איהר:

לעבעדיגערהייד האָט מען זי אין א גרוב אַריינגעוואָרפען און פערשיט...

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

איז אַמאָל בעלעגערט געוואָרען א גריכישע שטאָדט.

אויף טויט און לעבען האָט אויפגעפלאַמט די שלאַכט צווישען בעלעגערער און בעלעגערטע.

און צו קיין זיעג איז נישט געקומען.

פעסטע מויערן רינגלען אַרום די שטאָדט; ריעזיגע טאַראַנען שלאָגען אין די מויערן.

העלדען שטירמען די טויערן; נישט ווינציגערע בעשיצער זיי.

דיזעלבע צאָהל בעפאַלט; דיזעלבע — פערטיידיגט.

די צאָהל פון די פיילען, וואָס פליהען פון די מויערן אַראָב, און די צאָהל פון פיילען, וואָס פליהען צו די בעשיצער אַרויף — איז גלייך.

און — זעלטען איינע זאָל נישט טרעפען!

און די צאָהל פון די טויטע, וואָס פאַלען אונטען, פאַר די פיס פון די בעלעגערער, און די צאָהל פון די טויטע, וואָס

קאָלערן זיך פון די מויערן אַראָב אין שטאָדט אַריין איז — דיזעלבע.

וואַרט אומזיסט די פייער-היטערין, קניהענדיג ביי'ם אַלטאַר, אין הייליגען פייער אַריין, מיט שרעקיגע אויגען פער-קוקט פון דרויסען אויף אַ צייכען פון זיעג.

איהר אויער פערנעהמט קיין איינציגען פרייד-געשריי, קיין פאַנפאָרען רוף: מען הערט נישט קיין טריט פון זיעגער צום טעמפעל...

ציטערט איהר ריין יונגפערליך האַרץ:

איהר פאָטער-שטאָדט איז נאָך אַלץ אין געפאַהר; און צוזאַמען מיט דער שטאָדט דער טעמפעל דער הייליגער, און דער אַלטאַר מיט'ן הייליגען פייער...

און אַ שרעקליכער פערלאַנג בעפאַלט זי:

זי מוז פון טעמפעל אַרויס און זעהן; איין סעקונדע זעהן די שלאַכט...

און זי קען דעם פערלאַנג נישט גובר זיין און איז אַרויס פון טעמפעל.

און באַלד האָט זיך איהר צו די פיס, פון די מויערן, אַ טויטער קערפער אַראָבגעקאָלערט... אַ העלד האָט אין דער רייה פון די פערטיידיגער פערפעהלט, גרעסער איז געוואָרען די געפאַהר...

רייסט זי פלוצלונג דעם פיילענבויגען פון דער טויטער האַנד אַרויס. שנעל ווי דער בליץ שפּרינגט זי אַרויף אויף דער מויער; ציהט אָן מיט פערצווייפעלטער קראַפט די סטרונע; ציעלט, לאָזט אָב און טרעפט — אַ גרעסטען העלד צווישען די בעלעגערער...

און די וואָג פון מזל האָט אַ ציטער געטהון: איבער-וואויגען האָט די שאָל פון איהר פאָטער-שטאָדט!

אָבגעשטויסען און צוטריבען איז דער בעלעגערער; בעפרייט די שטאָדט, געראַטעט דער הייליגער טעמפעל — —

מיט פרייד-געשריי און לויב-געזאַנג, מיט צעוויהטע פאָה-

נען, רווישענדיגע פלייטען=און פאַנפאָרען=מוזיק, אײלען די זיע-
נען, רווישענדיגע פלייטען-און פאַנפאָרען-מוזיק, אײלען די זיע-
גער צום טעמפעל, — זייער גאָט, דעם גאָט פון זייער שטאָרט צו דאַנקען און —

בלייבען פערשטיינערט...

פינסטער איז אין טעמפעל!

אין מאָמענט פון זיעג האָט זיך דאָס פייער פערלאָשען...

. . . . . . . . . . . . . . . .

פיהרט מען די פייער-היטערין, וואָס האָט דעם זיעג געגעבען, מיט געזאַנג און קלאַנג, מיט לידער פון לויב און דאַנק, אונטער הייליגע פאָהנען, פון טעמפעל אַרויס...

פיהרט מען זי אין גאָלד און זילבער בעקליידט, און איינגעהילט; איבער'ן וועג מיט בלומען געשטרייט, פון דער געראַטעטער שטאָדט אויפ'ן פרייען פעלד אַרויס צום גרוב...

שטעלט מען זי אָב ביים ראַנד פון גרוב און מען קריינט איהר דעם זיעגער-קאָפּ מיט א לאָרבער-קראַנץ...

לאָזען זיך די נאָהנטסטע צו טעמפעל און גאָט, און די עלטסטע פעטער פון שטאָדט פאַר איהר אויף די קניהען אַראָב, רינגלען זי, קניהענדיג, אַרום, און קושען, קניהענדיג, די זוימען פון איהר מאַנטעל און קלייד.

שטויסען די פאַנפאָרען דעם לעצטען פרייד-און דאַנק-געשריי אַרויס און פערשטומען...

שטויסט מען זי אין דער טיעפער גרויסער שטילקייט אין גרוב אריין...

ווערט פערשיט דער גרוב...

. . . . . . . . . . . . . . . .

אַזוי האָבען צווי טיעפע, שוואַרצע אויגען פון א בלאַס געזיכט אַרויס דערצעהלט; און איך האָב עס אייך איבער-דערצעהלט. —

# דער קאַלאַניסט.

אַמאָל איז געװעזען — האָט ר׳ שלמה, אײן אַלטען יוד אין בית המדרש דערצעהלט — אַ קאָלאָניסט.

פרעמד איז ער געװעזען אין דאָרף; ער האָט מיט קײ־נעם און קײנער האָט מיט איהם נישט געהאַלטען.

ער האָט גאָר אײן אַנדער לשון גערעדט, און קײנער האָט איהם נישט פערשטאַנען, און נישט געװאָלט פערשטעהן!

אײנמאָל האָט ער, דער קאָלאָניסט, געפונען אַ בריליאַנט.

רעכט פערשטאַנען דערױף האָט ער זיך נישט; קײן האָהן איז ער אָבער אױך נישט געװעזען און װאָלט איהם אױף אַ קערנדיל װײץ נישט פערטױשט.

עס שײנט און בליצט; „עס איז אַ קלײנע זון״, — טראַכט ער. עס מוז װערט זײן אַן׳אוצר.

גאָר מיט אַ טײערן שטײן צװישען פרעמדע לײט איז מען מיט׳ן לעבען נישט זיכער!

װערט מען געװאָהר, װעט מען איהם די ערשטע נאַכט בעפאַלען, די פענסטער אַרױסנעהמען און צונעהמען דעם אוצר מיט דער נשמה צוזאַמען!

מען מוז בעהאַלטען דעם שטײן!

דעם װײב אַפילו װעט ער נישט זאָגען פון בריליאַנט אַ װאָרט. ער האָט זי ליעב, נאָר אַ יודענע — לאַנגע האָהר — קורצער שכל; זי װעט זיך נישט אײנהאַלטען.

און ער נעהמט זיך צוריק צו וועגס צו דער קאָלאָניע און בעגראָבט דעם שטיין אין דער ערד, אין געמיזע-גערטיל פאַר'ן הויז.

פאַר א צייכען לעגט ער אויף דעם אָרט א קיזעל-שטיין; א שווערען קיזעל-שטיין, ער זאָל דאָס אָרט דערקענען, און אז עס וועלען קומען בעסערע צייטען, אָהן קנאה-שנאה צווי-שען שכנים און בפרט צו פרעמדע, וועט ער וויסען וואו צו זוכען און צו געפינען דעם אוצר. דעמאָלט זאָל ער שיינען און בליצען אין שענעם העלען טאָג!

איינמאָל האָט דאָס יונגע ווייבעל דעם שטיין בעמערקט. עס איז איהר א שאָד דאָס פיצעל ערד, וואָס דער קיזעל-שטיין פאַרנעהמט; אויף זיין אָרט קען אַרויסוואַקסען א ציבעלקעלע, איין אונערקא... א שאַד!

אַליין אוועקנעהמען דעם שווערען שטיין קען זי נישט; רופט זי דעם מאַן צו הילף.

ער דערשרעקט זיך:

—גאָט בעהיט, — רופט ער אויס — ריהר נישט דעם שטיין!

— פאַר וואָס?

— עס איז א מזל'דיגער שטיין! ער ברענגט אונז מזל וברכה!

— עס איז דאָך איינפאַכער קיזעל-שטיין?!

— זעהסט דאָך! אזא סגולה האָט ער שוין!

זי גאַפט! זי איז נישט זיכער, צי דער מאַן מיינט עס ערנסט, צי מאַכט ער שפּאַס.

זי קוקט איהם אין די אויגען אַריין און זעהט ווי ערנסט, כמעט האַרט, אָהן א לאַכעדיגען פונק.

נו, דעם מאַן האָט זי ליעב, און האַלט איהם פאַר קלוג און עהרליך, און גלאַט — א יודענע! א יודענע איז שטענדיג צופריעדען, אז זי קען אין עפּיס גלויבען, — אין א סגולה, אין א ווינק פון אויבען... און לאַנג צייט צו קלערען האָט זי נישט;

דאָס גערטיל מוז פערזייעט ווערען! פאלגט זי און טהוט איהרס.

אין צווייטען טאָג בעמערקט דער מאַן צ ו ו י י שטיינער אין גאָרטען.

— וואָס איז דאָס? ווער איז דער צ ו ו י י ט ע ר שטיין? פרעגט ער.

און דאָס ווייבעל שמייכעלט.

דאָס יונגע ווייבעל איז גראָד ביינאַכט שלעכט געשלאָפען. עפּיס האָט די לבנה אזוי וואונדערליך אריינגעשיינט דורכ׳ן לאָדען...

עפּיס איז איהר אזוי ענג, אזוי באַנג געוואָרען אויפ׳ן האַרץ... זי האָט אזוי מורא געהאַט...

דעם מאַן וועקען האָט זי נישט געוואָלט, האָט זי זיך מישב געווען, שטיל זיך אראָבגעכאַפּט פון בעט, ארויסגעשלייכט זיך פון שטוב און — צוגעלעגט נאָך אַ שטיין...

עס האָט זי בערוהיגט!

— אין צווייען — שמייכעלט זי — איז שטאַרקער.

און וואָס זאָל ער טהון, דער קאָלאָניסט? געה, בייזער דיך אויף אַ יודענע, ווען זי שמייכעלט אזוי קינדיש־זיס און לעגט דיר ארויף די ווייסע שמאָלע הענד אויף די אַקסעל און דערלאַנגט דעם אַלאַבאַסטער־שטערן צום מויל — —

דעם ווייסען שטערן קושט ער מיט פערגניגען, און די בלאָהע אויגען זוכט ער אין ענטפער אויף דעם, וואָס זי איז ביינאַכט אזוי אונרוהיג... און שווייגט!

דעם קוש אויפ׳ן שטערן האַלט דאָס יונגע ווייבעל פאַר אַ לוין פאַר איהר גוטסקייט און פרומקייט! און ווען עס ווילט זיך איהר אַ קוש אין שטערן — לעגט זי צו נאָך אַ שטיין...

טהוט ער עס נישט, בעווייזען זיך איהר טרערען אין די אויגען.

---

דאָס פּאָר־פאָלק האָט קינדער געהאַט — אַ יונגעל מיט אַ מיידעל.

דאָס מיידעל וואונדערט זיך נישט, פרעגט נישט און טהוט נאָר דער מוטער.

די מוטער לעגט גרויסע, די קליינע טאָכטער קליינע שטיינדליך; נאָר די שטיינדליך וואַקסען מיט איהר צוזאַמען!

דער קלוגער זוהן פרעגט שוין: וואָס בעטייט עס?

— שטיינער — ענטפערט די מוטער שטאָלץ, אַז זי ווייסט אַזוי פיעל — זענען מזל'דיג!

— פאַר וואָס? — וואונדערט זיך דער קליינער — און וואָס הייסט מזל'דיג? צי האָט מען אַמאָל מעהר ווי מען פערדיענט, ווי מען אַרבייט אויס?

דאָס פערשטעהט שוין די מוטער נישט.

— פרעג דעם טאַטען — זאָגט זי.

— ווען עלטער ווערען — ענטפערט דער טאַטע — וועסט דו דאָס אויך פערשטעהן!

און, אַז דאָס יונגעל איז אויפגעוואַקסען, האָט איהם דער פאָטער דערצעהלט דעם סוד פון בריליאַנט.

און אַזוי איז געשעהן אין אַ גאַנץ לאַנגע שורה פון דורות.

איינער האָט איבערגעגעבען דעם צווייטען דעם סוד.

אין יעדען דור האָט איינער געוואוסט פון ברילאַנט און די רעשט האָבען געגלויבט, אַז קיזעל־שטיינער זענען מזל'דיג; אַז וואָס מעהר, איז בעסער, און האָבען שטיינער געלעגט.

שכנים קוקען און גאַפען!

טייל לאַכען אין די פויסטען אַריין; אַנדערע, פערקעהרט, האָבען דרך־ארץ פאַר אַלטע מנהגים וואָס זיי האָבען שוין, קומענדיג אויף דער וועלט אַרויס, געטראָפען אַלס אַלטע מנהגים!

נישט איינער האָט געקלערט, עס מוז זיין נאָך פון

דער צייט, ווען מלאכים זענען אויף לייטער געקראָכען און מענשען האָבען געזעהן.

טייל שכנים האָבען געוואָלט בעווייזען דער משפחה זייער ליעבשאַפט, און האָבען, פאַר חבר'קייט, אויפגעהויבען שטיינער פון וועג און אין גאָרטען אַריינגעוואָרפען...

און אין דער משפחה אַליין איז דאָס שטיינער־וואַרפען שוין אַ קולט, אַ הייליגער מנהג געוואָרען, אַ מין „עבודת־הבורא".

יונגע לייט פּראָטעסטירען; אַלטע בייזערן זיך און דראָהען מיט ביינערדיגע פויסטען!

יונגע לייט האַלטען רעדען געגען די שטיינער, און די אַלטע זאָגען:

— ווי אונזערע עלטערן האָבען זיך געפיהרט, וועלען מיר זיך אויך פיהרען...

— אונזערע עלטער־זיידעס זענען קליגער געוועזען פאַר אונז און האָבען שטיינער געוואָרפען — מוז אַזוי זיין!

— נישט אונזער וועלט, מיר זאָלען זי פערבעסערען, איבערמאַכען. אַ גוט פערד געהט אין קאַליע און ברעכט נישט די פיס!

און נאָך אַזוינע ווערטליך און קלוגע שפּריכען, אויף וועלכע עס שטעהט די וועלט; דאָס הייסט, אונזער מענשליכע וועלט!

און וויל אַ יונגער מאַן עפּיס טהון דאַגעגען, ווילען די אַלטע „צובּרעכען די אייער, וואָס ווילען קליגער זיין פאַר די היהנער!"

---

און יאָהר־יעהרליך שיידען זיך יונגע לייט מיט טרעהרען אין די אויגען פון אַלטען הויז, פון דער אַלטער משפחה

און געהן זוכען אַרבייט אין דער פרעמד: עסען ברויט פון פרעמדע אויוענס, געלעגען אונטער פרעמדע דעכער; בעטען זיך קוים איין.

ווייל אין דער היים איז שוין נישט אויסצוהאַלטען!

דער באַרג שטיינער וואַקסט פון טאָג צו טאָג.

ער שיט זיך אָב, און קומט מיט יעדען טאָג נעהנטער צום הויז.

מיט דער צייט האָבען די הייליגע שטיינער טהיר און פענסטער פערוואַרפען.

— עס שאַדט נישט! האָט מען געזאָגט.

און מען שטעלט אויף אַ לייטער און מען קריכט דורכ׳ן קוימען.

עס האָט לופט פערפעהלט; קיין אונגליק נישט! אַז מען עסט וועניג און לעבט וועניג, דאַרף מען וועניג לופט!

און לעבען איז נישט דאָ פון וואַנען.

נישט דאָ וואו צו זייען, וואו צו אַקערן — סאַמע שטיינער, סאַמע שטיינער!

— לאָזט האַטש — בעטען זיך די יונגע — צוזאַמענשאַרען די שטיינער; זאָלען זיי וואַקסען אין הימעל אַריין, נאָר וועניגער אָרט פערנעהמען אויף דער ערד! זאָל זיין וואו צו אַרבייטען, וואו צו אַקערן און זייען.

— אַפּקורסים! שרייען די אַלטע. איבער אונזערע פּגרים וועט איהר צוקומען צו די שטיינער...

---

ר׳ שלמה פערטראַכט זיך אַ ווייל, נעמט אַרויס אַ שמעקטאַבאַק.

מיר, וואָס האָבען שוין לאַנג די בייגעל פערגעסען און האָבען ביי דער מעשה דעם אָטהעם פערהאַלטען, עטעמען אָב, און עמיץ פרעגט:

— און פאַרוואָס שווייגט דער, וואָס וויסט פון ברי-

ליאַנט און מאַכט קיין שלום נישט צווישען די אַלטע און די יונגע?

— באַ—ענטפערט ר' שלמה מיט אַ זיפץ — דאָס אומ-גליק איז טאַקי, וואָס מיט דער צייט האָט מען נאָר איינגאַנ-צען אָן בריליאַנט פערגעסען!

ציי איז עמיץ פּלוצלונג געשטאָרבען און קיין צייט נישט געהאַט אַ צואה צו לאָזען!...

ציי האָט איינער זיין אייגענעם טאַטען נישט גע-גלויבט און זיין אייגען קינד נישט געוואָלט געגאַרען!...

געווס — דעם בריליאַנט האָט מען פערגעסען און אַלט און יונג שלאָגען זיך איבער שטיינער!

---

ר' שלמה האָט געענדיגט.

און מיר פרעגען זיך: ווער איז דער בריליאַנט?

און מיר ווילען טרעפען:

— דאָס פינטעלע יוד?...

— „אנכי"?...

— „ואהבת לרעך כמוך"?

נאָר ר' שלמה ענטפערט נישט, אַ געהיימער שמייכעל בלאָנדזשעט איהם אויפ'ן פנים.

— שקצים—רופט ער—אַהיים, עס גראָהט שוין דער טאָג!

---

# קינדער.

(אַ סוכּות ערצעהלונג).

מיין טאַטע איז געווען: ווינטער אַ שניידער, זומער — אַ סאַדאָווניק. געפעלט אייך נישט דער יחוס, לעגט אַוועק די מעשה.

ס'איז אָבער אַ שאָד: אַ שענע מעשה.

איך בין נאָך דעמאָלט אַ חדר-יונגעל געווען, און פלעג זומער, נאָכ'ן אָבדאַווענען מנחה ומעריב, אַרויסגעהן צו טאַטע-מאַמע, אין סאָד אריין, וואָס זיי האָבען געהאַלטען בשותפות מיט אַ וואַטענמאַכער, און צוזאַמען מיט איהם דאָרט איבער'ן זומער געוואוינט.

מיין טאַטע, אַ פּראָסטער יוד, האָט געוואָלט, אַז פון זיין ראובן-בנימין, זיין בן-יחיד, זאָל אַרויס, נישט קיין שניי-דער און נישט קיין סאַדאָווניק, נאָר אַ בן-תורה, אַ רב, חאָטש אַ דיין! און ווען אַ גוטער מלמד, איז אויך אַ כּבוד!

אַ קעפּיל האָב איך אפילו געהאַט נישט קיין שלעכטס, נאָר קיין מתמיד בין איך נישט געווען: מעהר חשק געהאַט צו שפּיעלען און צו הײמיש-יודישע קונסט: הבדלות מאַכען, דרעדלעך גיעסען, אויסשניידען פּאַפּירענע פייגעלעך און נאָך אַזעלכע זאַכען. און דעם סאָד האָב איך ליעבער געהאַט פאַר'ן חדר... האָט אַמאָל שטאַרק גערעגענט, און עס איז מיר אויסגעקומען צו בלייבען אין שטאָדט און צו נעכטיגען ביי'ם רבי'ן אין שטוב, אויף אַ געמאַכט געלעגער, צווישען טהיר און פעסעל-וואַסער, — האָב איך געמיינט, איך וועל

דערשטיקט ווערען. און האָב נאָך אַ גאַנצע נאַכט בייזע חלומות געהאַט: אָט איז מען דעם סאָר בעפאַלען. מען שאָקעלט די בארלעך, דער טאַטע שלאָפט, די מאַמע שלאָפט. אויף דער צווייטער זייט, אין ביידעל ביי׳ם וואַטענמאַכער, שלאָפט מען אויך. איך איינער שטעה אין העמד אין מיטען סאָד און שריי:

— טאַטע! מאַמע! ר׳ זעליג זלמן! טריינע! — אַזוי דאָט ר׳ זעליג-זלמנ׳ס ווייב געהייסען — גאָלדעלע!

— שייגעץ איינער, — וועקט מיך איין מאָל דער רבי איבער, און נישט זעהר לייטזעליג, — וואָס פאַר אַ גאָלדעלע?—

געה זאָג אַ רבי׳ן, אַז גאָלדעלע איז אַ מיידעל, ר׳ זעליג זלמן וואַטעמאַכערס און זיין ווייב טריינים איינציג טעכטע-ריל, — אַ מיידעל עטוואָס יונגער פון מיר, מיט וועלכער איך שפיעל מיך אפילו אין זאמד, צוליעב וועלכער איך מאַך אמאָל אַ פייפעריל און שפיעל צווישען טאָג און נאַכט צווישען די ביימלעך אין סאָד...

דרעה איך מיך, שווייגענדיג, איבער אויף דער צווייטער זייט, שלאָף איין און חלום ווייטער...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איינמאָל, אָנהייב זומער, האָט דער רבי מודיע געווען, אַז ער האָט שטאַרק קאָפּ-וועהטאָג און צולאָזט דאָס חדר מיט אַ האַלבע שעה פריהער. איך האָב שיער נישט אויסגעשריען פאַר פרייד! חברים ווילען מיך פערהאַלטען, שפיעלען אין „ציעג-און-וואָלף”, האַנדלען קנעפליך מיט שטאָלפעדערן. איך הער נישט. איך ענטלויף פייל פון בויגען. מעשה-סאַ-ראָווניק, וואַרף איך באַלד אונטער דער שטאָדט די שטיוועל אַראָב, פערבינד זיי און וואַרף איבער די אַקסעל. דורכלויפען דריי ווערסט איז נישט קיין סך, שוויץ איך אין לויף. כ׳קום אין סאָד אַריין, וואַרף די שטיוועל אַוועק ביי דער פורטקע, לויף דורך די ביימען אין מיט סאָד אַריין, גע-וואָלט מיט אַ מאָל אַרומגענומען ווערען מיט סאָד. —

אין סאָד איז שטיל. אַלע דרימלען אודאי אין די

בײדליך. אין סאַך איז נאָך קײן אַרבײט נישט דאָ, און אױס־שלאָפֿן מוז מען זיך אױף שפּעטער. עס גײען גאַנצע חדשים צום װאַכן: אַרום דערפֿער מיט שקצים — גרױסע בעלנים אױף אױבס...

איך שטעל מיך אָב, קוק מיך אום...

בעבערק איך, עפּיס ריהרט זיך אונטער אַ צו־בליהט באַרען־בײמעל. איך קום קױם צװאָס נעהנטער — גאָלדעלע. עפּיס גראָבט זי אין דער ערד, שטעקט אַרײן ריטלעך, און איז אַזױ פֿערנומען, אַז זי הערט נישט מײנע באָרװיסע טריט... שלײך איך מיך שטיל נאָך נעהנטער און פֿון אַ זײט צום בײ־מעל צו, נעהם אָן דעם יונגען דינע שטאַם און טרײסעל. דער באַרען־בױם רעגענט מיט שנײעליך איבער גאָלדעלע׳ס קעפּעלע...

גאָלדעלע האָט זי געהײסען און — גאָלדענע האָהר גע־האַט, און עפּיס אַזױנע שטיל־לאַכעדיגע אײגעלעך און טאָ־פּעלטע חן־גריבלעך אין די בעקלעך. הערט זי אױף צו גראָ־בען אין דער ערד, לאָזט אױף זיך רעגנען די װײסע בליט־העען איבערן קאָפּ, אין שױם אַרײן, און ערשט אין אַ גוטער מינוט אַרום, הײבט זי די אױגען אױף און זאָגט, אַ ביסעל נערװיטעלט.

— אַ שאָד, ראובן־בנימין, מאַכסט אַ היזק!

איך לאָז אָב דאָס בײמעל און פֿרעג, װאָס זי טהוט.

גאָלדעלע פֿערצעהלט:

זי מאַכט זיך אַ בעזונדער גערטיל, און װײזט מיר די אַרײנגעשטעקטע ריטלעך.

— װאָס װעט װאַקסען אין דײן גערטיל, גאָלדעלע?

װאַקסען, װיל זי, זאָלען ערשטענס בלומען. רױטע רױזען, ליליען װײסע און נאָך, און נאָך...

— און פּירות נישט?

פּירות אױך! נאָר נישט אַזױנע פּירות... פֿערגאַמו־

מען מעגען זיין... אָבער דער עיקר: ציטרינען, אתרו־גים... ל־ו־ל־בים...

ציהט זי מיט'ן דינעם קול'כעל און פערחלום'טע אייגלעך,

און כדי די שקצים פון די דערפער זאָלען נישט בע־פאַלען איהר גערטיל און אָבשאָקלען די פירות, מאַכט זי־אַרום גערטיל אַ פעסטונג — אין אונזער שטאָדט איז אַ פעס־טונג געווען. איך זעץ זיך צו. מיר געפעלט די המצאה, און מיר אַרבייטען צוזאַמען.

עס פאַלט צו דער אָווענד.

ווערט אַ גערופעריי פון איין זייט:

— גאָלדעלע! וואו ביזטו, גאָלדעלע?

און פון דער צווייטער זייט:

— ראובן בנימין! ראובן בנימין! און אונרוהיג פער־וואונדערט: נאָך פון חדר נישט געקומען?

דער מאַמעס קול!

איןביידע זייטען פאַר די ביידלעך ברענט שוין אַ פייער, ביי'ם פייער שטעהען טעפ, וויעצערע קאָכט מען. מען רופט גאָלדעלען, מען רופט מיך, מיר הערען אַזוי ווי אין אַ חלום, אין דער אַרבייט פערטהון, און ענטפערען נישט.

דריי וואַלען וועט מען מאַכען אַרום, אַזוי ווי אונזער פעסטונג איז אין שטאָדט. צווישען די וואַלען וועט מען אָנ־גיסען וואַסער.

— ווייסטו וואָס, גאָלדעלע?

— וואָס?

— זעלנער וועלען שטעהן אויף די וואַלען!

זי פרעגט:

— זעלנער, פון וואָס?

איך קלער נישט לאַנג און ענטפער:

— פון דינע שטעקעלעך. איך וועל אויסשניצען; ווייסט דאָך, אַ מעסעריל האָב איך!

זי ווייסט.

און איך דערמאָהן מיך, אז איך האָב מיין איינענם עטלי-
כע פאַרצעלייענע שערבלעך.

— „וועט דאָס זיין אָפיצערען!"

זי הייבט ראָס קעפּיל אויף, פער'חדוש'ט:

— פון וואַנען האָסטו פאַרצעלייענע שערבלעך?!

— כ'האָב שוין — ריהם איך מיך. — געקויפט פאר
קנעפּלעך! אויסגעטוישט! זעהסט? און איך ווייז איהר, ווי-
פיעל קנעפּלעך עס פעהלען ביי מיר.

— און איך האָב, זאָגט זי, געפונען אין שטאָדט א
לענגעליג גלעזעל — כ'בין געוועז קויפען זאַלץ — א לענגעליג
רויט גלעזעל. עס לייכט דורך אזוי שען!

— וועט זיין, זאָג איך, א גענעראַל!

— א גענעראַל! איז גאָלדעלע מסכים

און מען ארבייט ווייטער.

— גזלן, שרייט טריינע צום מאַן, — לויף דורך דעם
סאָד. אפשר אונטער א בוימעל איינגעשלאָפען.

און מיין מאַמע פון דער צווייטער זייט סאָד לאָזט זיך
הערען, איין אָנגעשראָקענע:

— רוצח, בעריל! (מיין טאַטענ'ס נאָמען) לויף אין
שטאָדט אריין! וועה מיר, געמווס עפּעס געשעהן... אפשר די
ווערמלעך זיך אָנגערופען!

מען מוז איבערהאקען! מיר קריכען ארוים פון אונטער
באַרען-ביימעל און צעלויפען זיך, יעדעס צו זיין ביידעל.

— — — — — — — — — — — — — — —

די זאַך האָט אויסגעזעהען ביי טאַטע-מאַמע נישט גלאַ-
טיג... אזוי שפּעט, אינגאַנצען איינגעשמירט אין ערד, אין
גראָז. נאָר — אבי ר'איז דאָ! און די קאַרטאָפּעל זענען פאַר-
טיג... נאָכ'ן עסען ווערט מען שלעפעריג.

בשלום אריבער, און ביי דער פעסטונג ארבייט מען יע-
דען אווענד! טיילמאל שלייכט מען זיך אוועק נאָך דער וויע-
טשערע נאָך אמאָל, און מען ארבייט ווייטער.

די שותפים — ביידע פאָר-פעלקער — שפּאַצירען ארום

איבער'ן סאָד, בעקוקען דאָס געדעטעניש, בעשטימען, וועלכע ביימלעך מען וועט דארפען אונטערשפּאַרען; מען רעכענט אויס, וויפיעל עס וועט זיין אויבס, און אויב עס וועט זיין א מקח — וויפיעל עס וועט בלייבען. מען פערגעסט אָן אונז א ביסעל... און עס אַרבייט זיך געשמאַק. די פעסטונג וואַקסט פון טאָג צו טאָג. פאַר מיר, ווענינגסטענס, איז די פעסטונג דער עקר! גאָלדעלע וויל דאָס געדטיל אויך נישט פערלאָזען. וואו זי געפינט א שען פריש ריטעל, זעצט זי אַריין; מיט יעדען טאָג נעהמט זי דאָך די פעסטונג אַלץ מעהר און מעהר. מאָרגען, אז גאָלדעלע וועט אַרויסגעהן מיט דער בלעכערנער קאַן בע־גיסען די מעהרען מיט די רעטעכלעך, וועט זי אָנגיסען וואַ־סער, אז איך וועל קומען פון חדר, וועלען שוין צווישען די דרייי וואַלען פליסען צוויי טייכער!

— אָבער וואָס וועלען די זעלנער עסען? — פאַלט מיר פלוצלינג איין צו פרעגען.

— ברויט! — ענטפערט גאָלדעלע. — פאַרהאַן אין יענער זייט גאָרטען ליים, וועל איך ברענגען קנעטען בולקעס. א מולטעריל וועל איך מיר מאַכען פון א גרויסען רעטאַך. נאָר — פערזאָרגט זי זיך, — וואו וועט מען באַקען דאָס ברויט?

— מוז מען — זאָג איך — מאַכען א בעקעריי, א זעלנע־רישע בעקעריי, אין א פעסטונג מוז עס זיין!

גאָלדעלע שפּרינגט אויף, פּאַטש מיט די הענדטלעך פאַר פרייד.

— שטילער, שטילער! מען וועט דערהערען!... און איך נעהם מיך באַלד צו דער מלאכה. גאָלדעלע העלפט. באַלד ווערט אויסגעגראָבען אין דער דיק פון אינווענינגסטען וואַל א באַק־אויווען. מען דאַרף נאָך אַרויף־ און אַרויסציהען א קוי־מען. ערגעץ אין סאָד ליעגט א שטיק בלעך, גאָלדעלע ווייסט וואו.

זי שפּרינגט אויף, פליהט אויף די באָרוועסע קליינע פיסלעך. איך קוק איהר נאָך און ציטער, זי זאָל זיך נישט

איינשניידען א פיסעל אין א שארף גלעזעל... נאָר אַמ איז זי צוריקגעקומען בשלום...

זי לאַכט:

— זיי שטעהען ביי די בייטען און צעהלען די ריעבען!

גאָלדעלע דערלאַנגט די בלעך. איך נעהם און וויל זי אויסבייגען קיילעכדיג, און שנייד מיר איין אין א פינגער.

גאָלדעלע דערשרעקט זיך, שפרינגט אויף מיט א געשריי. איך שפרינג אויך אויף, כאַפּ איהר ארום דאָס קעפּיל, פערשטאָפּ איהר דאָס מיילכעל מיט דער געזונטער האַנד:

— מען וועט דערהערען!

און מען האָט דערהערט.

— וואָס שרייסט דו, גאָל—דעלע, גאָל—דע—לע!

איהר מאַמע'ס קול.

— נאָר נישט, נאָר נישט! — ענטפער איך פאַר איהר.

זי איז געלאָפען אין ביידעל אריין נאָך שפּינוועבס, א שטיקעל לייוואַנד און א פאָדעם ארומצובינדען.

— דו? ראובן-בנימין? — הער איך מיין מאַמעס קול.

— וואָס טהוסט דו דאָרט ערגעץ אין סאָד, שיינעץ איינער! — כאַפּט אונטער דער טאַטע.

— נאָר נישט! ענטפער איך, נאָר נישט! ה'געה שוין שלאָפען... און לאָז מיך צו אונזער ביידעל צו, און וואַרף מיך מיט'ן בלוטיג-טריפענדיגען פינגער אויף מיין געלעגער.

— איך שלאָף שוין, טאַטע! שריי איך אַרוים אין סאָד אריין.

— גוט! גוט! ענטפערט די מאַמע, נאָר עפּעס אַזוי ווי לאַכענדיג. אפשר האָט זיך מיר נאָר געדאַכט. דערווייל שלייכט זיך צו מיר אריין גאָלדעלע, פערבינדט מיר ביי'ם בלאַסער לבנה-שיין דעם פינגער — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

צומאָרגענס פיהרען מיך טאַטע-מאַמע אָב אין חדר אריין. דער טאַטע געהט פאָראויס, די מאַמע — פון הינטען.

איך — אין דער מיט. די פּנים'ער פון טאַטע־מאַמע זעה איך נישט, נאָר איך פערשטעה, אַז זיי זענען „אָנגערוקטע". איך האָב געמוזט עפּיס זינדיגען, מען וועט מיך פאַר'ן רבי'ן פער־מסר'ן...

שטאַרק מורא האָב איך נישט. איך בין דאָך פאָרט אַ בן יחיד. די מאַמע זאָגט: „איינער פון אַלט געבליע־בען". —

און די געדאַנקען פערפיהרען מיך באַלד אין אַ זייט: „ווי גוט! איך — אַ בן יחיד, גאָלדעלע — אַ בת יחידה". פאַר וואָס עס איז גוט, גיב איך מיר קיין חשבון נישט אָב, נאָר אַרויס פון דעם געפיהל קאָן איך עפּיס נישט. „עס איז פאָרט גוט!"

ענדליך אָנגעקומען.

— רבי, — הייבט אָן דער טאַטע נאָכ'ן „גוט מאָר־גען — גוט יאָהר". מהיום והלאה קומט דער יונג נישט מעהר אין סאָד אַריין.

און פערטייטשענדיג:

— אַ יונגאַטש, שפּיעלט זיך אין זאַמד!

— און מיט מיידליך! — גיט צו די מאַמע.

— איי־איי־איי! — שאָקעלט דער רבי מיינער מיט'ן קאָפּ, ווי איין אומרוה אין דער ברייט.

און די רבי'צין, וואָס קען נישט אַוועק פון קוימען און שוימט עפּיס אין טאָפּ, זיפצט אָב:

— הייזטיגע קינדער! הייזטיגע קינדער!

נאָר פון איהר מאַכט זיך קיינער נישט.

— ער וועט שלאָפען ביי'ן אייך! איז גוזר דער טאַטע.

מיך פרעגט מען קיין עצה נישט. מען רעדט ווייטער. דער טאַטע, די מאַמע, דער מלמד, נאָר איך הער שוין נישט:

שוימענדיג אַזוי ערנסט אין טאָפּ, האָט די רבי'צין, וואָס לעגט קיינמאָל נישט דעם זאָק פון האַנד אַרויס, אַרויס

געלאָזט פון אונטערן אָרעם די קנויל מיט׳ן פּאָדעם ... די קנויל קאָלערט זיך איבער דער פּאָדלאָגע, די קאַץ בעווייזט זיך איבער׳ן ראַנד פון אויבען און שטעלט ארויס אַ פּאָר בליצענדיגע אויגען; זי האָט מורא פאַר די פרעמדע, און קען זיך דאָך נישט איינהאלטען, און גיט אַ שפּרונג אראָב, און הייבט זיך אָן שפּילען מיט דער קנויל...

„ווי זיי זעהען דאָס אַלץ נישט", וואונדערט מיך שטאַרק. אָבער אָט חאַפּט מיך דער טאַטע ביי׳ם אַקסעל:

— און וואָס וועט זיין פון דיר? אַ בּור, אַ שניידערוק, ווי איך?

איך האָב מורא צו זאָגען, אַז איך וויל האַלטען אַ סאָד, און מאַכען אַרום סאָד אַ פעסטונג צו פערהיטען פאַר די שקצים.

— געדענקט זשע, רבּי, 2 גילדען אַ וואָך פאַר׳ן שלאָ-פען! און אַכטונג זאָלט איהר געבּען...

דער רבּי שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ אין דער לענג.

— נאָר שלאָגען — נעהמט איהם די מאַמע אָן אַ זייט, כּוּן טאַטען אַוועק—חס ושלום! איינער פון אַלט געבּליבּען!...

אוי, ווי ליעב איך האָב מיין מאַמען!

— — — — — — — — — — — —

שווער איז מיר געווען אויסצוהאַלטען אין חדר אָהן דער פעסטונג. ווער ווייסט, צי זי וועט זי קענען ענדיגען אָהן מיר... און עס בענקט זיך אַ ביסעל צום סאָד אַליין, און— צו טאַטע-מאַמע. און וואָס אַמאָל מעהר — צו גאָלדעלען. מאַך איך די אויגען צו — זעה איך זי זיצען אונטער׳ן בּאַרען-בּוים, מיט ווייסע בּליטען בעשיט...

מען טאָר אָבער נישט וועגען דעם טראַכטען... איידער מען קוקט זיך אום — אלול. איך לערן מיך שופר-בּלאָזען. עס געהט אַ גאַנג.

— „וואָלסט דו אַזוי צוגעלעגט די חושים צו דער גמרא!" — מאַכט דער רבּי.

— און שופר-בלאָזען — פרעג איך — איז אַ קלייניגקייט? נישט אַ גרויסע מצוה?!

— דאָס קען — ענטפערט דער רבי — אַ שניידערוק אויך!

— וואָס רעדסטו, מיכל — מישט זיך אַריין די רבי'צין, — אַ מענש, — בורטשעט זי בײַ'ם קוימען — פערגעסט, וואו ער האַלט אויף דער וועלט...

— מײַן טאַטע, — רוף איך אויס, בעליידיגט, — איז דער עיקר אַ סאַדאָווניק...

דער רבי וויל זיך פערענטפערן, פעררעדענדיג:

— נישט דאָס בלאָזען איז דער עיקר; דער עיקר איז די כוונה פון שופר-בלאָזען!

שלאָגען שלאָגט מען מיך נישט. מיט מײַן מאַמען מאַכט מען קיין קונצען נישט. זי וואַרפט שקצים אַריבער איבער'ן פלויט, און מאַכט זיך אַ סכסוך מיט אַ סוחר פון אויבס, האַפט זי אַזאַ יודען אָן בײַ דער באָרד און שלעפט פון סאַד אין שטאָדט אַריין צום רב... דריטהאַלבען וויאָרסט!

— — — — — — — — — — — —

אויף ראש-השנה האָט מען געדונגען גוי'שע שומרים צום סאַד און אַלע זענען געקומען אין שטאָדט אַריין. מײַן טאַטע-מאַמע — צו זיך, נישט ווייט פון מײַן מלמד, און דער שותף מיט'ן ווײַב און מיט גאָלדעלען — אויך צו זיך, נאָר, וואו זיי וואוינען, ווייס איך נישט. פרעגען לאָזט זיך נישט.

דעם ערשטען טאָג ראש-השנה, אין דער שטילקייט פון „למנצח". איך שטעה בײַ'ם פענסטער, קוק אַרויס און פער-בלאָנזע מיך פריהער אין דער ווייטקייט... אונטערן הימעל זענען אַזוינע מאָדנע חברות מיט פייגעלעך געפלויגען, — אַז זיי זענען אַוועק, וואַרף איך אַ בליק איבערן שוהל-הויף, — גאָלדעלע! געקומען הערען שופר-בלאָזען! איינגעהילט אין אַ ווייס טיכעל, עפּים אַזוי פרום צנועה'דיג אײַנגעבויגען... שטעהט צו מיר מיט אַ זײַט. זעהט מיך נישט. קוקט נישט. דער חזן לאָזט אַרויס:

— למנצח!

דאָס בית־המדרש צורודערט זיך. די פּאַליע חאַפּט מיט מיין נשמה און טראָגט זי אַוועק, אַוועק...

— — — — — — — — — — — — — — — —

מוצאי־יום־כּפּור געהען מיר, מיין טאַטע־מאַמע און איך, צוריק אין סאָד אַריין. איך וויל פרעגן, וואו גאָלדעלע און איהר טאַטע־מאַמע זענען, און קען נישט! דעם וואַטענמאַכער ביי קדוש לבנה האָב איך געזעהען, געוואונשען איהם אַ גמר חתימה טובה... מען דאַרף טריינען אויך ווינשען, גאָלדעלען אויך. פרעגען קען איך פאָרט נישט, די ווערטער בלייבען אין האַלז. און אומרוהיג בין איך: צי האָט נישט גאָלדעלען דער תענית געשאַדט? איז זי, חס ושלום, נישט קראַנק געוואָרען און אין שטאָדט געבליבען? דאָס גלעזעל וואַרימס מיט׳ן פערבייסעלטס בעקומען מיר נישט. עס קריכט נישט אין האַלז אַריין. באַלד אָבער נעהמט די מאַמע דעם טאָפּ מיט די כּפּרות אין דער יויך.

— אַ שאָד — זאָגט זי — האַלץ! און זי געהט וואַרימען צו טריינען. דאָרט איז שוין אַ גרויס פייער געמאַכט. הייסט עס, יענע זענען שוין פריהער געקומען.

— געלויבט איז גאָט! — רייסט זיך מיר פון לייכט געוואָרענעם האַרץ אַרויס.

— וואָס?

פרעגט דער טאַטע. די מאַמע שטעלט זיך אָב.

— גאָרנישט! זאָג איך ראַש — גאָרנישט! געלויבט איז גאָט, אַלע זענען בשלום איבערגעקומען דעם תענית... גאָט האָט מוחל געווען די זינד...

איך פּלאַפּעל, די מאַמע קעהרט זיך עפּעס צו־פלונ־לינג אָב און געהט אַרויס. איך פיהל, אַז אַרויס־געהענדיג, שמייכעלט זי.

און דער טאַטע פרעגט:

— און וואָס דאַרף מען טהון אַצינד?

— איך ווייס!

— איך נעהם און צינד אָן אַ לאַמטער, דער טאַטע נעהמט אַ שייטעל האָלץ און אַ האַק. מען געהט אַריינשלאָגען אַ פּלאָקען צו דער סוכּה.

— געה, רוף דעם שותּף!

מען דאַרף אָבער נישט רופען. פון ביידעל קעגענאיבער לאָזט זיך שוין אין גאָרטען אַריין דער וואַטענמאַכער. דעם לאַמטערן הינטער איהם טראָגט גאָלדעלע. — די בשותּפות'-דיגע סוכּה וועט שטעהן אין מיטען גאָרטען...

— איך — אַ פּלאָקען און דו — אַ פּלאָקען! — זאָגט דער טאַטע.

— איך אויף דער זייט. — ענטפערט דער וואַטענמאַכער, און שטעלט זיך אויף איין אָרט. דער טאַטע שטעלט זיך קעגענאיבער.

זיי בייגען זיך איין, איך און גאָלדעלע קומען זיך צו-זאַמען און בייגען זיך אין דערמיט איבער ביידע, און לייכטען.

ווייל דאָס מזל און אונזערע קעפּלעך טרעפען זיך, ריהרען זיך אָן; ציטערן מיר ביידע. די לאַמטערען אין די הענד וואַרפען זיך...

די העק קלאַפּען און איך רוים איהר איין:

— אַ גמר חתימה טובה, גאָלדעלע!

— גם אתּם! — ענטפערט זי שטיל.

— — — — — — — — — — — — —

די מאַמעס האָבען יום-טוב געמאַכט, די טאַטעס — די כּיכּה. זי אויסגעציערט האָב איך מיט גאָלדעלעס הילף. אויסציערען אַ סוכּה איז דאָך אַ מצוה! לאָזט מען. דאָס איז נישט „שפּיעלען"!

האָט גאָלדעלע ערגעץ צוזאַמענגעקליבען האַלבע אייער-שאָלען און אויסגעהאָנגען אַרום די ווענד; האָב איך אויס-געשניטען פון רויט פּאַפּיער פייגעלעך; און אין יעדער האַל-בער אייער-שאָל אַ רויט פייגעלע אַריינגעזעצט; מיט'ן פּיסקעלע

אַרוים, אין דער מיט סוכּה אַריין. ממש לעבעדיגע פייגעלעך. גאָלדעלע שעפּט נחת, פּאַטשט אין די הענדטלעך אַריין:

— וועסט זעהען, זיי וועלען זינגען! זיי מוזען זינגען...

דערנאָך האָב איך געמאַלט אַ לאַמטער פון אַ גרויסער, אויסגעהוילטער דיניע. אויסגעשניטען אין דער שאָל שענע געכּתיב׳עטע אותיות: בּסוכּות תּשבו —

„דאָס איז טייטש, — האָב איך גאָלדעלען ערקלערט — גאָט האָט געזאָגט צום פאָלק ישראל, און געהייסען, ער זאָל זיצען אַלע טאָג אין סוכּה.

און האָב אַריינגעשטעלט אין דער דיניע אַריין אַ ליכט. פאַרנאַכט איז שוין געווען, וועט מען פּריווען! גאָלדעלע לויפט און ברענגט זאַפּאַלקעס. זי קומט צוריק צוהיצט; די אייגעלעך בּליצען. איך צינד אָן, נאָר די הענד ציטערן מיר עפּיס; קוים אָנגעצונדען. אָט, עס בּרענט. אַ פיין-צנועה׳דיגע שיין צושפּרייט זיך אַזוי ווייך איבּער דער סוכּה. דער פּסוק שיינט העלער, ווערט בּולט און בּולט׳ער...

— אוי, האָב איך ליעב סוכּות! — שרייט אויס גאָלדעלע.

מיר טרעטען עטוואָס אָב און בּלייבּען שטעהן אינ׳ם וואונדער פּערקוקט...

— די פייגעלעך וועלען נאָך זינגען, זינגען! — האַלט זיך גאָלדעלע בּיי איהרם!

הינטער אונז שטעהען שוין טאַטע-מאַמעס.

מיין טאַטענס קול:

— שוין פאַרטיג, בּאָסע-קאָמאַנדע?!

זיי בּלייבּען שטיל, פּערקוקט און פּערוואונדערט פון דער שענקייט, און קיקען זיך דערנאָך איבּער. די מענער שמייכלען עפּיס אונטער די וואָנסען. בּיי די ווייבּער אין די אויגען בּעוויזען זיך פּייערלעך...

נישט ווילעגדיג האָפּ איך אָן גאָלדעלען בּיי דער האַנד.

מען שרייט נישט — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

סוכות.

נאָכ׳ן עסען. אונטער אַ בוים אין סאַד שלאָפט דער טאַטע מיט׳ן וואַטענמאַכער.

„אונטער די פערגאַמוטען!“ ווייסט גאָלדעלע צו זאָגען.

איך קוק זי אָן און שמייכעל:

— און די מאַמעס ביי די ביימען!

— אונטער די פלוימען! — ווייסט זי אַ נעהנטערן בעשייד.

מיר זיצען אין סוכה.

איך מאַך אַמישנע מיט דער האַנד פאַר׳ן פּנים, גאָלדעלע זאָל זעהען, וואָס פאַר אַ שענע לולב-פינגערלעך איך האָב אויף די פינגער.

— אַליין — בעריהם איך מיך — געפלאָכטען!

— זאָלסט זעהען, — ענטפערט זי — ווי איך פלעכט קווי-ליטשען!

קיין פינגעריל בעט זי נישט.

מיר שווייגען אַ ווײַלע.

די רויטע פייגעלעך זינגען נישט, נאָר ביי מיר עפּעס אין הערצעל זינגט.

— ווייסט, גאָלדעלע, פאַר וואָס מען זיצט אין סוכה?—

און ענטפער אַליין:

— זכר ליציאת-מצרים.

און פערטייטשט איהר,

פרעגט זי נאָך אַ ווײַלע:

— ווייסט, ראובן-בנימין, פאַר וואָס מען עסט ריעבען און מעהרן?

איך ווייס און שעם מיך צו זאָגען...

— און האָניג? — פרעגט זי ווייטער.

— זאָלסט האָבען — ענטפער איך שטיל — אַ זיס יאָהר...

— און שמחת-תורה — זאָגט זי — שניידט מען די מעהר-ליך אין פלאַכע רעדעלעך, אזוי ווי רענדלעך גאָלדענע!

און נאָך אַ ווײַלע — איך:

— ווייסט, גאָלדעלע, ווער עס קומט צו נאַסט אין סיכה אַריין? ני אבות און די אמהות... און ווייסט, גאָלדעלע, וואָס „שמחת בית השואבה" איז?

זי ווייסט נישט, און איך זאָג איהר.

— אוי, — ענדיג איך מיט אַ זיפץ — איז דאָס אין בית-המקדש אַ שמחה געווען — ווער עס האָט דאָס נישט געזע-הען, האָט קיין רעכטע שמחה נישט געזעהען!

— פערצעהל, ראובן-בנימין, פערצעהל, — בעט זי זיך; זי קוקט אויף מיר, רויטעלט זיך, ווענדט אָב דאָס גאָלדענע קעפעל און שפּאַרט עס אָן, אונטערוויילינכס, ביי מיר אויפ'ן האַרץ, — צו הערט זי, ווי עס קלאַפּט? איך וויל פרעגען. בלייב אָהן לשון.

— פערצעהל! — בעט זי נאָך אַמאָל און עפּיס אַזוי שטיל-ציטעריג.

און איך פערצעהל איהר:

— פון נאָך מיטאָג הויבט זיך אָן די שמחה אין עזרת-נשים (איך פערטייטש איהר). אַלע יודען פון גאַנץ ארץ-ישראל, אַלע עולי-רגל פרעהען זיך. די עלטסטע, די ראשי ישיבות, די זקנים פון סנהדרין, — אַלע שבעים לשון האָבען זיי געקאָנט, כשוף אויך! — אַלע פרעהען זיך. אַלע האַלטען שטורקאַצען אין די הענד, אַזוינע ברענענדיגע פלאַ-קערען, און טאַנצען... די לויים האַלטען אַלערליי כלי-זמר, וואָס זענען אויסגערעכענט אין תהלים, און זינגען גאַנצע קאַפּיטלעך תהלים... און דער עולם אַרום טאַנצט... אַ ראָד אין אַ ראָד... אַזוי רעדער אָהן אַ שעור...

ר' שמעון בן גמליאל — אַ גרויסער תנא געווען — גאָר אַ גרויסער! האָט געהאַלטען אַכט שטורקאַצען, צו פיער אין יעדער האַנד. און טאַנצענדיג, האָט ער די פלאַקער, איינעם נאָכ'ן צווייטען, אין דער לופט געשליידערט, פון דער לופט געכאַפּט... און אַזוי קונציג, אַז קיין איינציגער פלאַקער איז אויף דער ערד נישט געפאַלען, קיין איינציגער האָט זיך אין

דער לופט נישט פערלאָשען ! און אַזוי אַ גאַנצע נאַכט גע־טאַנצט. קיינער נישט געשלאָפען. ווערט מען גאָר מיעד, שפּאַרט איינער אָן זיין קאָפּ אָן צווייטענס אַקסעל און דרימעלט אַ ווײלע ; האַפּט זיך אויף און טאַנצט ווייטער... און אַזוי ביז אין דערפריה, ביז די צוויי כּהנים, די היטער ביי'ם טויער פון דער עזרה, האָבען אַ בלאָז געטהון שופר — אַ צייכען, מען זאָל זיך צוגעהן. דעמאָלט ערשט איז מען זיך צוגאַנגען...

— — — — — — — — — — — —

ווען איך האָב אָנגעהויבען דערצעהלען האָט זיך גאָל־דעלע'ס קאָפּ אַראָבגעגליטשט ביז צו מיין שוים. די אייגעלעך קוקען אַרויף, צו מיר, צו מיינע ליפּען... און ווערען וואָס אַמאָל גרעסער און גרעסער... וואָס לענגער איך פערצעהל, זעה איך, ווערען זיי פערחלום'טער, שמעלער און שמעלער. די לאַנגע ברעמען לאָזען זיך פּאַמעליך, פּאַמעליך אַראָב. איך פערצעהל דעריבער אַלץ שטילער און שטילער. זי עטעמט פאַר דאָס אַלץ העכער און העכער. איך זאַפּ איהר אָטעם איין. די פרישסטע עפּעל שמעקען נישט אַזוי...

אָט, זענען די אייגעלעך שוין אינגאַנצען געשלאָסען...

און עס פאַלט מיר איין, אַראָבצונעהמען אַ פינגעריל פון מיין פינגער און אַרויפצוזעצען אויף איהר'ם אַ פינגער פון הענטעל, וואָס זי האַלט אונטערן קעפּעל...

און איך טהו עס.

זי הערט, צי ניין ?

איך זעה אַרויף, און מיינע ליפּען, גאָר אָהן מיין וויסען, רוימען שטיל, שטיל גאָלדעלען צום אויער :

— הרי את...

איך ענדיג נישט, גאָלדעלע שפּרינגט אויף. אין די ברייט־געעפענטע אויגען : שרעק, צאָרן, אָבער אויך ליעב־שאַפט, און אַלץ ווערט צוזאַמענגעגאָסען אין אַ געשריי :

— וואָס האָסטו געטהון ?

— נישט־קשה — דערהער איך באַלד מיין מאַמעס קול

אין סוכה־טהיר, — חול־המועד, אם ירצה השם, וועט זיין תנאים!

ווייזט זיך אוים, אז די אלטע זענען שוין לאנג אויפ־געשטאנען; אונז זוכענדיג, צו דער סוכה געקומען, אפגע־שטעלט זיך, אונטערגעהערט. —

— — — — — — — — — — — —

חול־המועד זענען תנאים געווען.

שמחת־תורה איז גאלדעלע צוגעקומען קושען דאס ספר, וואס איך האב געטראגען ביי דער הקפה.

צוויי פעהנער האט זי געטראגען, אין יעדער האנד א פאהן; זעלטען געזעהענע פעהנער. וואו זי האט זיי בעקו־מען, ווייס איך נישט: „דגל מחנה ראובן" און „דגל מחנה בנימין"! —

# צוריקגעקומען.

דעמאָלט האָט נאָר אָנגעהויבען צו יעהרען ביי אונז, און געיעהרט האָבען מיר איף דער לאַנגער גאַס אין אַ קנייפּע, אין אַ בעזונדער צימער ביי'ן אַ קיילעכדיגען שטאַם־טיש. מיר האָבען ביער געטרונקען, ביים קעלנער קרעדיט געהאַט און גערעדט וועגען קונסט, וועגען אויפלעבונג פון דער קונסט א. ד. ג.

איין שטוהל איז אַ געוויסע צייט געשטאַנען לעער, אַ יונגער דיכטער האָט געפעהלט. און יעדען אָוועגד האָט מען איהם אויסגעקוקט: ער מוז קומען. צושטעלענדיג דאָס ביער, האָט דער קעלנער געפרעגט: נאָך נישט דאָ אונזער יונגער העדר דיכטער? און פאַר דעם לעערען שטוהל דאָך אַ גלאָז געשטעלט. ער האָט אויך געוואוסט, אַז דער יונגער דיכטער מוז קומען.

און ווירקליך איינמאָל, שוין צימליך שפּעט — ער איז געקומען!

אַלע זענען אויפגעשפּרונגען, אַלע הענד האָבען זיך אויסגעשטרעקט צו זיין הוט, צום מאַנטעל און אַלע מיילער האָבען געפרעגט:

— עפּיס בעשאַפען?

— אַ סקיצע?

— א בינטעל ליעדער ?
— א פּאָעמאַ ?
— א ראָמאַן ?
מען איז זיכער געווען, אז איהם האָט איין „ארבייט״ פערהאַלטען.
ער אָבער ענטפערט :
— א שטיק לעבען איבערגעלעבט !
עס ווערט נאָך אינטערעסאַנטער. מען קוקט איהם אין געזיכט אריין :
— ווי געענדערט...
— מאָדנע אויגען בעקומען...
— א נייער שרומפּ אין שטערן.
— בלאַס —
— א מאָדנע גרימאַסע ארום די ליפּען...
— עפּיס ווארפט זיך א זילבער־פאָדעם אין די האָהר...
עמיץ אָבער פרעגט :
— מיט וועמען ?
מען בויגט זיך צו'ן איהם איבער
— א ברונעטע ? א בלאָנדינע ?
און דער נאָהנטסטער :
— איך קען זי נישט ?
— חברים — הויבט ער די ברעמען אויף — נאָך וואָס פרעגען ? איהר האָט מיך נישט איינמאָל מיט איהר צוזאמען בעגעגענט ; מיך געגריסט, זי אפילו נישט בעמערקט... איהר האָט צו איהר געשטאַלט קיין שליסעל נישט געהאַט — פאַר איך גאָר נישט געווען, פאַר מיר—אַלץ..
ער בויגט זיך איבער דעם אָנלעהן :
— צו אָרים, ברידער, איז די מענשליכע שפּראַך ; עס האָט דערפאַר קיין נאָמען נישט. שטאַרקער פאַר ליעבע, צערט־ליכער פאַר פריינדשאַפט —
„עס, א יום־טוב געווען !״...

„נישט קיין תמוז-זון, פון שייד ארויסגענומען, און נישט

— צווישען צוויי רייהען שטילע ציפרעסען איז עס, דאס טייכעל, געפלאסען,—אין דער הויך קושען זיך די קרוינען מיט די גרין-פערטרוימטע בלעטער, אונטער א ליעב-אראבגעלאזטען הימעל; אונטען — א גאלעריע פון ליכט ארקאדען, אויף בלו-מען, אויף בשמים-פעלדער ארוים...

איך האב נאר געברויכט איהר האנד צו נעהמען, די אויגען צו שליסען — — —

— און?

— זי איז אוועק...

מען פרעגט:

— צו טאטע-מאמע?

— צום מאן?

— צו קינדער?

— אלץ איינס! אוועק האט זי געמוזט...

און צוריק וויזיאנער:

„איך האב זי נישט פערהאלטען"...

— עס איז אווענד געווען. אין דרויסען געהט אונטער די זון און איהרע אבגלאנצען שפיעלען ארום די ווענד. זי געהט, זיי — נאך... זיי רייסען זיך אב פון די ווענד און ציהען זיך צו איהר און פערשווינדען, און מיר ווערט גרוי, גרוי...איך האב די אויגען געשלאסען...

איך זיץ און איך פיהל, אז נאך עמיץ געהט איהר נאך— מיין נשמה יתרה... גוט...

— געה—טראכט איך — מיט איהר! ביי מיר וועט שוין קיין שבת און קיין יום-טוב נישט זיין —

ער בלייבט שטיל. עמיץ איז אויפגעשפרונגען מיט א פיל גלאז אין דער האנד:

— לעבען זאלען אונזערע שבתים און ימים טובים!

— צווישען צוויי רייהען שטילע ציפּרעסען איז עס, דאָס טייכעל, געפלאָסען,—אין דער הויך קושען זיך די קרוינען מיט די גרין-פערטרוימטע בלעטער, אונטער א ליעב-אראָבגעלאָזטען הימעל; אונטען — אַ גאַלעריע פון ליכט ארקאַרען , אויף בלו-מען , אויף בשמים-פעלדער אַרוים...

איך האָב נאָר געגרויכט איהר האַנד צו נעהמען , די אויגען צו שליסען — — —

— און ?

— זי איז אַוועק...

מען פרעגט :

— צו טאַטע-מאַמע ?

— צום מאַן ?

— צו קינדער ?

— אַלץ איינס ! אַוועק האָט זי געמוזט . .

און צוריק ווידיאָנער :

„איך האָב זי נישט פערהאַלטען”...

— עס איז אַווענד געוועזן . אין דרויסען געהט אונטער די זון און איהרע אָבגלאַנצען שפּיעלען אַרום די ווענד . זי געהט, [illegible] — [illegible]... זיי רייסען זיך אָב פון די ווענד און ציהען זיך צו [illegible] פערשווינדען , און מיר ווערט גרוי, גרוי...איך האָב די אויגען געשלאָסען...

איך זיץ און איך פיהל , אַז נאָך עמיץ געהט איהר נאָך— מיין נשמה יתרה... גוט...

— געה—טראַכט איך — מיט איהר ! ביי מיר וועט שוין קיין שבת און קיין יום-טוב נישט זיין —

ער ג. יבט שטיל . עמיץ איז אויפגעשפּרונגען מיט א פול גלאָז אין דער האַנד :

— לעבען זאָלען אונזערע שבתים און ימים טובים !

און אריינשפארענדיג דעם דילטער דאָס גלאָז אין דער האנד אריין :

— מאך הבדלה, ברודער !

— — — — — — — — — — — — — — — — —

דער קעלנער האָט אָנגעהויבען לעשען. —

# איין אומבּאקאנטע.

אין אַ קליינער מענער-געזעלשאַפט האָט מען וועגען פרויען און זייער איינפלוס אויפ׳ן מענער-לעבען גערעדט.

— אויף מיר — האָט זיך אָבגערופען אַ יונגער ארצט — האָט אַ גרויסען איינפלוס געהאַט נור איין פרוי און דערצו — איין אונבּעקאַנטע.

געבּעטען, האָט ער די קליינע געשיכטע פערצעהלט.

אַלס יונגער סטודענט איז ער אַמאָל פערבּעטען געוואָרען אויף אַ טאַנץ-אָוועגד אויף אַ זומער-וואוינונג. דער אָוועגד האָט זיך פערצויגען בּיז פאַר-טאָג. עס איז אַ משוגע׳נע, לוסטיגע נאַכט געווען. די טאַנץ-און פלירט-אַטמאָספּערע האָט איהם בּערוישט, און אַלס יונגער מענש, אָהן פאָראורטהיילען, האָט ער פון לוסטיגען בּעלער אין איין אָטעם געטרונקען: נישט איין טענצערין, מעהר אַלס מען האָט געבּרויכט, צוגע-דריקט צו די פערזילבּערטע מונדיר-קנעפּ, נישט איינער, מיט קוים אויסגעשפּראָצטע וואָנסען-שפּיצען די פלאַמענדיגע בּעקליך געשטרייפט. די, וואָס ער האָט אָבּגעפיהרט אַהיים, קענגען דער אויפגעהענדיגער זון געקושט, און צו איהר אונטערגאַנג אַ ראַנדעוואו בּעשטעלט. אַ פרעהליכער וויר-וואַר אין קאָפּ, אַ קאַפּעלע לוסטיגע זומער-פייגעלעך אין יונגען הארץ — און די פרישע זון טרינקט מיט צופלאָסען גאָלד די שמעקענדיגע

לופט אין וואַלד, די אויפגעכאַפּטע פויגעל אויף די טהוי־בעפּערלטע בוימער צוויטשערן און ער טאַנצט אונטער זיין פרעהליכ׳ין וועג.

פלוצלונג איז ער שטעהן געבליבען.

אין אַ זומער־וואוינונג האָט זיך אַ טהיר געעפענט. עס איז אַרויס אַ באָרוועסע און קנאַפּ־געקליידטע געשטאַלט, האַלב מיידעל, האַלב קינד, מיט גרויסע גאַזעל־אויגען און אַ באַל צום שפּיעלען אין די לאַנגע דינע הענד... אַ ווײַלע איז זי שטעהן געבליבען, פערוואונדערט פון שענעם מאָרגען, פער־בליפט... און אַז זי האָט איהם, זיך אומקוקענדיג, דערזעהן, האָט זי זיך נישט פערשעמט; נאָר אָנגעשטעלט אויף איהם צוויי ריינע קינדער־אויגען, וואָס האָבען, קוקענדיג איהם גלייך אין געזיכט אַריין, געפרעגט: דיך האָט אויך אויפגעוועקט די זון? ביסט אַ גוטער מענש? — ווילסט מיר נישט טהון קיין שלעכטס? וועסט שפּיעלען מיט מיר אין באַל?...

און ער האָט זיך פלוצלונג פאַר׳ן ריינעם קינד טיעף אין טיעפסטען האַרץ פערשעמט און איז ענטלאָפען גלייך צו דער סטאַציע און אָבגעוואַרט דעם צוג אַהיים. —

---

דאָס האַרץ האָט איהם געזאָגט, אַז ער וועט זי נאָך אַמאָל טרעפען, און ער האָט זיך צום לערנען גענומען... ער האָט זיך געלערנט. לערנענדיג, אָנ׳עם קינד פערגעסען און זיין דיפּלאָם בעקומען. ער מוז זיך איינריכטען אַלס פּראַקטיצירענ־דער אַרצט. ער האָט אָנגעהויבען „בויען" אין הייזער און אין קורצען בעקומען אַ גאַנצען אויסוואַהל פון כלות מיט נדן. אויף צוויי האָט ער זיך ערנסטער אָבגעשטעלט... און עס איז אויך געקומען דער טאָג, ווען ער האָט זיך געלאָזט דעצידי־רען. ער געהט איבער דער מאַרשאַלקאָווסקאַ אין דער ריכטונג צום זאַקסישען גאָרטען; לענקט אָב רעכטס ביים גרינעם פּלאַץ, טרעט אָב אין אַ בלומען־געשעפט, קויפט אַ בוקעט און געהט

אין גאָרטען אַריין. פאַסירענדיג דעם גאָרטען, וועט ער בע־שליסען, וואוהין דעם בוקעט צו טראָגען: אויפ׳ן טעאַטער־פּלאַץ — אַ לוסטיגע בלאַנדינע מיט געזאַנג און קלאַוויר — אָדער אויף סענאַטאָרען־גאַס — אַ בלאַסע דעקאַדאַנס מיט פּאָרצעלאַן־מאָלעריי און פאָטאָגראַפיע... אַ שווערע וואַהל. פּלוצלונג גיט איהם עפּיס, ווי אַ קלאַפּ אין האַרץ. ער הויבט די אויגען אויף און דערזעהט — זי! שלאַנק, אָנגעשפּאַרט אָן אַ בוים איז זי געשטאַנען. בלאַס, ווי נאָך אַ גליקליך איבערגעקומענער קרענק... פון אונטער די אַראָבגעלאָזטע ברעמען שטראַהלט אַרויס און צושפּרייט זיך איבער׳ן בלאַסען געזיכט דאָס ריינ־סטע, שטילסטע גליק, מיט וועלכען זי האָט אויף איהר קינד געקוקט, אויף איהר קינד אין אַ וויעג — —

און ער האָט זיך פּלוצלונג אין טיעפסטען האַרץ פער־שעמט. אוועקגעוואָרפען דעם בוקעט און איז צוריק אַהיים — אַרבייטען...

---

צום דריטען מאָל האָט ער זי אין שפּיטאָל אויפ׳ן טויטען־בעט געטראָפען.

אין די אונרוהיגע טעג האָט מען זי פון גאַס מיט אַ דורכגעשאָסענער ברוסט געבראַכט... אָהן דאָקומענטען, איין אונבעקאַנטע, צופעליג געשאָסענע, מיט אָפענע, צושראָקענע גאַזעל־אויגען, וואָס האָבען דעם גאַנצען טומעל נישט פערשטאַנען...

# א חנוכה=לעמפּל.

עס איז דאָך חנוכה, וועל איך אייך דערצעהלען, ווי אזוי אַ יוד, אַ יורד, לא עליכם, האָט זיך אַמאָל געראַטעוועט דורך אַ חנוכה=לעמפּעל...

און מיינט איהר, אַ גאָלדענס? חאָטש אַ זילבערנס? דוקא אַ מעשענס און אַ שברי=כלי. עפּעס איין אַלטע ירושה פון דור=דורות. אויסגעקרומט, אויסגעדרעהט און אַ האַלב רעהריל אָבגעבראָכען...

דער יוד איז פריהער געווען אַ בעל=הבית...

פּלוצלינג איז ער נתעשר געוואָרען.

ווי אזוי? דאָס געהער נישט צו דער זאַך

מען זאָגט, אַ זעלנער האָט געטראָגען אין גאַס אַ שטאַבע אייזען צו פערקויפען. האָט ער געקויפט אונטערן מקח, אַהיימגעפיהרט... ער גיעט אַ שלייף — גאָלד!

גע'לקח'נט געווען פון דער באַנק!

אָבער אַז אַ יוד ווערט רייך, איז „יע"ן מפּני חדש", קעהרט ער איבער די שטוב. טוישט ער די מלבושים, ווערט ער אַ דייטש זי — אַ פראַנצומערקע; וואַרפט אַוועק דאָס שטעטעל. צוויי בנים געהאַט — פון חדר אַרוים אין גימנאַזיום אריין! מען הייבט אָן משנה פּנים צו זיין די שטוב... אַ ספרים=שאַנק געווען, ווער דאַרף ספרים? געשיקט אין בית=

המדרש אריין; אַ מתּנה. די שאַנק — איין אַלטע, צעהאַקט, איז קיך אַריין אויף קיהנדלעך געשיקט... די פּלונית'טע שטעלט אויף דעם אָרט אַ טרעמאָ. זי האָט זיך מיט אַמאָל ליעב בע־קומען, ווייל זיך זעהען פון אויבען ביז אַראָב... מען רופט אַריין אַ „האַנדעל", מען פערקויפט דאָס אַלטע מעביל בחצי חנם און מען קויפט „לודוויג דעם פיערצעהנטען" — קליין, חנו'דיג, נאָר געבעט; אויסגעקרומטע פיסלעך, אָבער מיט בראָנז. אויף רעדלעך, אַ מחיה. מען האָט זיך מורא צו זעצען.

אַ ביסעל אַלט זילבער געווען: אתרוג־פּושקעלעך, בשמים שטעקעלעך, — פערקויפט אויף ברוך, צעשענקט דרשה־געשאַנק פּאַר קרובים; געקויפט גלאָז, קרישטאָל... בלומען־טעפּ, וואַ־זען, כּמנהג העולם — מאָדערן!

איז דאָך גלגל־חוזר — אין אַ צייט אַרום הייבט אָן געהן קאַפּויר, מיט דער פּוטער אַראָב. די זיהן זענען שוין אין אויסלאַנד, מען האָט זיי נישט צו שיקען... קוים מען פּראָ־לאָנגיערט די וועקסעלעך... פון דער האַנד אַ גמילת־חסד קריעגט מען נישט...

עס ווערט ערגער. מען קוקט זיך אום, נישטאָ עפּיס צו פערזעצען? דער „ליודוויג דער פיערצעהנטער" איז צו־פּאַלען... גלאָז און קריסטאָל — אויסגעהאַקט, צובראָכען... אַ פּאָר כּלים געבליבען — מיט גיפּס צוזאַמענגעקלעפּטע...

לעבט מען אין דחקות...

אַז מען לעבט אין דחקות דערמאָהנט מען זיך אַ ביסעל אָן יודישקייט...

די פּלונית'טע באָרגט ביי'ן אַ שכנה אַ מאָל אַ „צאינה וראינה" און לייענט. דער פּאַן סאָלאָמאָן, וואָס הייסט שוין צוריק שלמה זלמן, שטעלט זיך אַמאָל דאַווענען אין טלית ותפילין. און אַז עס קומט חנוכּה, גלוסט זיך צו בענשען חנוכּה־ליכט...

ליכטלעך האָט מען ערגעץ אויסגעקאַשפּערט; מען

לויפט אין קיך אריין נאָך אַ שייטעל האָלץ, נישטאָ! פער־פעהלט אפילו אַ קיהנדעל!

דערמאָהנט זיך שלמה זלמן, אַז בשעת חדותא האָט ער געהאַפּט איין אַלט חנוכה-לעמפעל און געוואָרפען אויף איין אויווען.

— שלמה זלמן, בעט זיך די פלונית׳טע, נעהם עס אַראָב...

געהט מען אויף מסירת נפש, שטעלט מען אַרויף אַ בענקעל אויף אַ טיש, רוקט מען צו צום אויווען, עס טאַנצט, עס סקריפּעט. לודוויג דער פיערצעהנטער קרעכצט, די פלונית׳טע האַלט אונטער — אַראָבגענומען...

פערשטויבט, קוים אָבגעווישט — מען בענשט...

דעם ערשטען, דעם צווייטען טאָג, אַזוי ביז׳ן אַלטען טאָג — נאָר לעגען ווערט מען זיך אָהן וויעטשערע, איז אומ־עטיג. זיצט שלמה זלמן ביי איין זייט טיש, די פלונית׳טע — ביי דער צווייטער און מען טראַכט — אַ פּאָל פּאַר הונגער אויסצוגעהען!

קלינגט ווער, שפּרינגען ביידע אויף. עפעגט מען. קומט אַריין אַ בעקאַנטער יונגערמאַן, אַ מעקלער פון כל׳ערליי.

וואָס איז?

ער האַלט זיך קוים איין פּאַר לאַכען. קיין ווארשא איז אַ משוגע׳נער ענגלענדער געקומען. אַ גלאַט-געגאָלטער, אָדער אפשר אַ נקבה אַ פערשטעלטע... קויפט אַלטע שברי־כלים. וואַרט אין הויז.

— זאָל ער אַריינגעהן? מן־הסתם ווערט זיך עפּיס גע־פונען... אַזאַ׳ן אַלטער בעל-הבית.

דאָס אַלטע פּאָר פּאָלק קוקט זיך איבער. וואָס האָבען זיי פאַר אַלטע כלים? דער ענגלענדער קומט דערווייל אַריין; נישט געקאָנט זיך דערוואַרטען; די טהיר איז אָפען גע־שטאַנען. ער קומט אַריין, נעמט אַראָב די כובע, דערזעהט דאָס חנוכה-לעמפיל, פאַלט צו ווי „צון אַ הייסען פּאָפּליניק",

האפט עס אין די הענד אריין, די הענד ציטערן, די אויגען בליצען...

— געזאָגט משוגע! מאַכט דער מעקלער.

וויפיעל? וויפיעל? פרעגט דער ענגלענדער אויף אַ צע־בראָכען דייטש.

קורץ און בקצור, מען האָט דאָס חנוכה־לעמפעל פער־קויפט. פערלאָזט זיך אויפ'ן משוגע'נעם ענגלענדער'ס יושר און גענומען וויפיעל ער האָט געגעבען.

ענגלענדער און מעקלער—אַב; דאָס פּאָר פאָלק בלייבט.

— טאַקי משוגע! מאַכט שלמה־זלמן.

— און אפשר — זאָגט די פלונית'טע נישט דרייסט — אליהו הנביא? און זכות פון חנוכה־ליכט־בענשען?...

סיי־ווי־סיי: געווען אויף וועטשערע, געווען אויף אָנבײ־סען, געווען אויך מיט וואָס צו געהן אין גאַס אריין...

און דאָס געלד איז עפּיס מזל'דיג געווען... דאָס רעדעל הייבט זיך אָן צוריק צו דרעהען. ארויף!...

שלמה־זלמן ווערט צוריק פאַן סאַלאַמאָן...

און אַז עס געהט, געהט מיט אַלעס... בעקומט מען בריעף מיט נחת פון קינדער אין אויסלאַנד. אַליין זיך אויס־געאַרבייט. איי־ער אין לאָנדאָן, איין אינזשענער! גרוים! חתונה געהאַט! פערבעט צו זיך. זאָלען טאַטע־מאַמע קענען די שנור...

פאָהרט מען...

פרעהט מען זיך אָב אַ צייט אין דערהיים, דערנאָך נעהמט מען בעקוקען לאָנדאָן... הייזער, פאַבריקען. דערנאָך טעאַטער, קאָנצערט־הייזער, אויסשטעלונגען.

פיהרט מען זיי איינמאָל אין אַ קונסט־הויז אריין — אין אַ מוזעאום...

און שטעלט אייך פאָר, ווי פערבליפט דאָס אַלטע פּאָר־פאָלק איז געוואָרען, אַז זיי האָבען זיך, אין אַ זאַל, אונטער אַ גלאָז, געטראָפען אויג־אָן־אויג מיט'ן אַלטען חנוכה־

לעמפיל... דערקענט די אַלטע, לאַלענדיגע לייבען... די ביימ-
לעך מיט'ן פויגעל... דאָס אויסגעדרעהטע פיסעל, דאָס האַלב-
אָבגעבראָכענע רעהריל.

— נישט משוגע געווען! קלערט, אין ענגלאַנד שוין —
מיסטער סאַלאָמאָן...

— און נישט אליהו הנביא! — די מיסטרים.

הויך רעדען, בפרט פרעגען פאַסט נישט פאַר דער
יונגער שנור.

פערטראַכטען זיי זיך...

אפשר וועט איהר אייך אויך פערטראַכטען?

---

## משופע.

אז דער אַלטער מנשה האָט געענדיגט זיין חצות מיט א צולאָג פון עטליכע קאַפּיטעל תהלים, איז שוין דער בלאַסער זומערדיגער פריה-מאָרגען געלעגען אין פענסטער׳ל פון קעלער-שטוב.

טרויעריג, מיט מידע אויגען, קוקט מנשה אויפ׳ן פריש-געבוירענעם טאָג. ער קנאַקט זיך אוים די דאַרע פינ-גער, פערמאַכט דאָם תהלים׳ל, פערלעשט דאָם קליינע נאַפט-לעמפּיל און שטעלט זיך ביי׳ם פענסטער. ער קוקט אַרויף צום שמאָלען פּאַם הימעל, וואָם בלייבט זיך הויך איבער׳ן ענגען געסיל און. אין דער ראָם פון זילבערנע באָרד און פאות, אויפ׳ן גרינלעך איינגעשרומפּענעם פּנים, בעוויזט זיך א בלאַסער שיין פון א טרויעריגען שמייכעל.

— אָבגעגעבען — טראַכט ער — דאָם פּקדון! א שענעם דאַנק, רבונו של עולם!

— און נויטיג — זיפצט ער — דאַרפסט דו מיך דאָ, רבונו של עולם! ווילסט נאָך א חצות, דאַרפסט נאָך א קאַ-פּיטל תהלים... האַ? עס פעהלט דיר!

ער דרעהט זיך איבער צו דער שטוב און טראַכט אז, לויט זיין שכל, וואָלט גלייכער געוועזען, אז אין בעט, וואָם ער פערנעהמט, זאָל שלאָפען זיין אייניקעל רבקה;

וואַלגערט זיך, נעביך. אַרום אויף דער פּאָדלאָגע צווישן אַלט-וואַרג, מיט וועלכע חיים, דער זוהן זיינער, האַנדעלט.

אַז לויט זיין יושר, דער יושר פון אַ בשר-ודם, וואָלט בעסער געווען, דאָס גלאָז מילך, מיט וועלכע ער לעבט כמעט איבער אַ טאָג, זאָל געניסן שרה, די שנור זיינע, וואָס לויפט גאַנצע טעג אַרום אויפ'ן מאַרק אָהן אַ לעפיל וואַרימס...

יענקעלי'ן, דעם פרישען צולאָג צו דער משפחה, וואָלט אויך דערפון קיין רעה נישט אַרויסגעקומען!

ברויכען ברויך ער ווייניג, דער אַלטער; עס וואָלט זיי דאָך גרינגער געווען, ער זאָל גאָר נישט דאַרפען...

חיים איז אָהן אַ מלבוש... חנה, דאָס עלטערע אייניקעל איז אַ קראַנקע... ווייניג בלוט... דער דאָקטאָר זאָגט: „בלאַ-דאַטשקע"... הייסט נעהמען אייזען-טראָפּען, טרינקען טראָן... ווייַן אַ ביסעל... מען זאָמעלט פאַר איהר אַ בעזונדער קני-פעל... חדשים לאַנג זאַמעלט מען און עס איז אַלץ ווייניג. און די אָרימע חנה וואַקסט נישט; דער שכל איהרער וואַקסט אויך נישט... אַלץ שטאָקט... זיעבצעהן יאָהר — און פער-שטעהט ווי פון צוועלף!

— וואָס האָסט דו מיך אויף זיי געוואָרפען, רבונו של עולם?

ער הערט זיך איין, ווי שאַרף און אָפּגעריסען חיים עטעמט אין שלאָף. ער זעהט ווי שרה'ס ביינינע האַנד, וואָס האָט, קענטיג, ערשט געוויעגט דאָס קינד, הענגט נאָך שלאַ-בעריג אַראָב פון בעט...

ער דערזעהט נאָך, אַז יענקעלע ריהרט זיך אין וויע-געל. „באַלד וועט ער שרייען און די מוטער וועקען!" און מיט אייַלענדיגע, נאָר קורצע שריט, לויפט ער צו צום אייני-קעל און הייבט אָן שאָקלען דאָס וויעגעל.

— און אפשר, — טראַכט ער, זיך אויסדרעהענדיג צום פענסטער, — ווילסט דו, רבונו של עולם, איך זאָל נאָך אָט

אין דעם יענקעלי'ן נחת דערלעבען ? איך זאָל מיט'ם נאָך ברכה זאָגען, עברי זאָל איך איהם לערנען... הא?

---

ווי א רויטער עפּעל בליהען יענקעלי'ס בעקעליך אין שלאָף. א זיסער שמייכעל בלאָנקעט זיך איהם אַרום די קליינע ליפּליך... זיי ריהרען זיך אויף און אָב... „דער פּרעסער, אין שלאָף וואָלט ער געזיינגט!"

ער בעמערקט דערוויל, אז רבקה וואַרפט זיך אויפ'ן געלעגער:

זי ליעגט אויף א זאַק-שטרוי, צוגעדעקט ביז דער ברוסט מיט א שוואַרץ-געשפּרענקעלט לייליך. וואָס זי האָט צוקאָפּענס, זעהט מען נישט.

דאָס פּיין-גערייטעלטע פּנים, מיט'ן אַלבאַסטער-ווייסען, לאַנג-געטאָקטען האַלז, ריהרט זיך חנ'עוודיג אויף איין אונטערלאָג פון צופּלאָנטעטע, שרייענדיג-רויטע האָהר, וואָס פערדעקען דאָס גאַנצע צוקאָפּענס, און בעריהרען נאָך די פּאָדלאָגע מיט עקען, וואָס ציטערן ביי רבקה'ס יעדען אָבעטמען.

— מיינע, עליה השלום, אויס'ן אויג...— טראַכט דער אַלטער — הייס בלוט, חלומות... איהר צו לענגערע יאָהר!

— רבקה! — געהט ער צו און ריהרט זי ביי דער בלויסער האַנד, וואָס האָט זיך בעפרייט פון לייליך.

— וואָס? ווען? —ווערט רבקה אויפגעשראָקען און עפענט זייט א פּאָר גרויסע בלאָהע אויגען.

— ש... ש... — בערוהיגט ער זי מיט א שמייכעל, — איך בין עס... געה אין מיין בעט אַריין...

— און דו, זיידע? —פרעגט זי מיט א ברייטען, געזונדטען געגיין.

— איך וועל שוין נישט שלאָפען... עס שלאָפט זיך נישט אין מיינע יאָהרען... איך וועל מאַלען טהיי... האָסט דאָך געהערט ביינאַכט! זיי וועלען פריה אויפשטעהן... דער

טאַטע האָט איין עסק אין שטאָדט, די מאַמע דאַרף איינ־
קויפען פאַר די פימסענהאָלצ׳ן אויף תּנאים...

— וועל איך מאַכען טהיי, זיידע.

— ניין, רבקה... דו געה אין מיין בעט אריין... קאָנסט
נאָך לאַנג שלאָפען... דו ווערסט היינט, האָט די מאַמע גע־
זאָגט, נישט געהן אין פאַבריק. זי וועט דיך דאַרפען... שלאָף
דיך טאַקי אויס...

— אה! — געניצט רבקה ברייטער.

זי האָט זיך שוין אַליין דערמאַנט. דער פאָטער איז
נעכטען אַהיים געקומען מיט אַ פרייד, אַז גאָט האָט איהם
בעשערט אַ שפּאָר ביסעל אַלט־וואַרג.

די מאַמע האָט אויך געברענגט אַ בשורה: ביי די
פימסענהאָלצ׳ס, וואו זי איז איינגעהערין, וועט שוין ענדליך
זיין תּנאים, חאָטש די כּלה קרימט זיך נאָך; זי וועט האָבען
פאַר׳ס איהריגע און תּנאים וועט זיין!...

קיין גרויסע הנאה האָט רבקה נישט דערפון. אויס־
שלאָפען טאַקי וועט זי זיך, אַרומגעהן אויפ׳ן מאַרק מיט דער
מוטער איז בעסער ווי זיצען אין פאַבריק, נאָר שפּעטער —
דאָס נאָכטראָגען די קיישליך מיט אייער און היהנער, בפרט
דאָס חאַפּען אין מיט׳ן גאַס איין ענטלאָפענע הוהן, איז נישט
פון די גוטע זיעבען זאַכען!

נאָר, אַז מען מוז, מוז מען.

זי נעהמט צוזאַמען אַרום זיך דאָס לייליך און שפּרינגט
איבער צום אַלטען׳ס בעט.

פון שפּרונג האָט דער אַלטער ווייטער הנאה, אויך
„זיין אַלטע אויס׳ן אויג״...

---

איידער דער אַלטער האָט פייער געמאַכט, איידער ער
האָט צונעשניצט אַ קיהנדיל אויף עטליכע דינע העלצליך,
אויסגעלעגט זיי אונטער דער בלעך, בעשיט מיט קליינע

שטיקעליך קוילען, (טייער קוילען, טראַכט ער דערביי), בע־נאָסען מיט נאַפּט, אונטערגעצונדען און געשטעלט אויף דער פּייערקע, איין אַלטען, פון ראָסט רויטליך געשפּרענקעלטען, בלעכענען צייניק, — האָט שוין שרה געהאַלטען יענקעלי'ן ביי דער ברוסט און געווינשען זיך, זי זאָל שוין דערלעבען צו הע־רען, ווי יענקעלע וועט מאַכען אַ ברכה איבער דער מילך...

די בלאַסע חנה האָט זיך אויך אויפגעחאַפּט און אויפ־געזעצט זיך אויפ'ן בעט.

אונטער דער מוטערס פּלייצעס שפּיעלט זי זיך מיט'ן קליינעם ברודער'ל, מאַכט איהם: „קוקו".

איהר קליין קעפּיל, די בלייכע באַקען מיט די פער'־חלומטע אויגען אין דער ראַם פון אַ מאַסע אַש-גראָהע, צע־וואָרפענע האָהר, בעווייזט זיך אַמאָל רעכטס, אַמאָל לינקס. די בעוועגונגען איהרע זענען דאָך צו לאַנגזאַם, דער שמיי־כעל אויפ'ן פנים — צו בלאַס און דער בליק אין די אויגען — צו שטאַר, דער שפּיעל זאָל קענען אַבּרייסען „יענקעלע פרע־סער", ווי מען האָט'ן גערופען אין שטוב, באַלד אין דער־פריה פון דער ברוסט.

ער איז שטאַרק פערטהון. ער קוקט אויף דער שוועס־טער, נאָר קיין צייט צו איהר האָט ער נישט.

איין הענדטיל האָט ער אונטער דער זייט, אויף וועל־כער ער ליעגט אויף דער מוטערס שויס, מיט'ן צווייטען טייגט ער אַוועק די זוים פון דער מוטערס אָפּענעם העמד, עס זאָל איהם נישט פאַלען אין פנים אַריין, און קוקט דער־ביי אויף דער שוועסטער געלאַסען און רוהיג, — זי וועט איהם נישט ענטלויפען...

חיים שטעהט שוין אין טלית און תפילין און דאַ־וועגט, שפּרייזענדיג אויף און אָב איבער דער שטוב.

אָפט שטעלט ער זיך אָב, וואַרפט איין אויג צו שרה'ן, קענטיג, ער האָט מיט איהר עפּיס צו רעדען, נאָר ער

וואַרפֿט אַ צווייטען בליק אויפֿ'ן אַלטען און דאַווענט ווייטער, און שפּרייזט ווייטער איבער דער שטוב.

פֿאַר'ן אַלטען האָט ער מורא.

„דער אַלטער מיינט, אַז עס זענען נאָך זיינע צייטען, די אַלטע, גוטע צייטען, ווען אַ יור האָט צייט געהאַט צו דאַוונען, צו זאָגען וואָרט בײַ וואָרט פֿון סדור „אורח-חיים"... היינט איז זיעבען סוחרים אויף איין פּאָר אַלטע פֿלידערן!

ער האָט אַפֿילו נעכטען פֿערזאָרגט... די קניה האָט ער בעדונגען פֿאַר 6 רובל אָהן אַ צעהנעריל, איבערגעלאָזט האָט ער זיעבען גילדען מיט צוועלף גראָשען אַ ד'רויף... אַרויס-געהענדיג פֿון הויז, האָט ער געגעבען אַ זעקסער דעם סטרוזש, ער זאָל, ביז ער וועט קומען, קיין „האַנדעל" אין הויף אַריין נישט לאָזען.

אונרוהיג איז ער דאָך! ווער ווייסט... איידער ער וועט קריגען אַ שותּף!

ער טרינקט שוין טהיי, האַלטענדיג דאָס גלאָז אויף דער פֿלאַכער האַנד און בלאָזענדיג פֿאַר יעדען זופּ, און ווייסט נאָך נישט וואָס צו טהון.

שווער צו קריגען אַ שותּף!

צו וועמען געהט מען? צום וואָכער? ער וועט איהם אָבשינדען די הויט; צום סקלאַדניק — די קעשענע וועט ער איהם אָבשניידען!

און אַז מען קריגט שוין אַ שותּף, מוז מען דאָך איהם אוועקגעבען האַלב פֿערדיענסט, חאָטש יענער האָט זיך נישט געדונגען!...

אַמאָל קריגט ער בײַ שרה'ן עטליכע גילדען. היינט — ווי! נאָך נעכטען האָט זי איהם געזאָגט, אַז עס וועט פֿעה-לען צום איינקויפֿען!

און אפשר וועט זי איהם פֿאָרט געטרויען פֿון חנה'ס קניפּעל אויף אַ טאָג...

ער האָט אָבער מורא צו פּרוּוען... ער האט נישט איינ־מאָל געפּרובט און חרטה געהאַט!

ער וואַרפט נאָך אַמאָל אַ בליק אויף שרה׳ן און עס דאַכט זיך איהם, אַז עס איז אַ שעת־הכּשר!

זי האָט שוין יענקעלי׳ן צוריקגעלעגט. שטעהענדיג בּיים וויעגעל, טהוט זי זיך אָן און שמייכעלט אַזוי גוט, אַזוי מחיה־דיג גוט צום קינד, עס וועט אפשר געהן!

— איך האָב בּיינאַכט געדעכנעט, שרה, — פּרוּווט ער זיך, — די קניה איז גאָר אַ גוטע! ד׳וועל, ברוך השם, פּער־דיענען...

— הלואי, רבּונו של עולם, — ענטפערט שרה; — זאָל עס זיין אין יענקעלי׳ס זכות! זייט ער איז געבּוירען, מאַכט זיך געשווינדער אַמאָל אַ פּערדיענסט!

— איך מיין, — ווענדט חיים אָב מיט אַ חנופה־שמיי־כעל — אַז עס איז אונזער חנה׳ס זכות; הערסט דו, שרה,— בּיים קויפען האָב איך מיר אַזוי געטראַכט: בּלי נדר וּבלי מסקנא, וועט מען פון פּערדיענסט אַראָבּנעהמען פאַר חנה׳ן חאָטש אַ דריטעל! און, ווי איך טראַכט אַזוי, ווערט די פּריצה ווייך, ווי אַ פּוטער, און לאָזט אַראָב איין צעהנעריל נאָכ׳ן צווייטען!

— איז אודאי גוט, — שמייכעלט איהם שרה צו. און ווערט — דאַכט זיך איהם — יונגער און פרישער... „אַמאָלי־גע יאָהרען — פליהט איהם דורך אַ געדאַנק — וואָס דען... ווען סאַמע גוטע צייטען...״ ער האָט אָבער ווייניג צייט צו׳ן אַזאַ קלער...

— הכּלל, איז חנה אַ שותפ׳טע.

— מהיכי־תּיתא! אַזאַ יאָהר אויף מיר!

— יאָ אָבער, — שטאַמעלט ער, — אַז חנה זאָל זיין אַ שותפ׳טע — טאַקי, איך רעכען בּפירוש אויף איהר מזל, — נאָר, אַז אַ שותפ׳טע...

— איז וואָס? — פרעגט שרה מיט אויפגעשטעלטע אויע־

רען און אויגען... זי איז איהם שוין עפּיס חושד; ער פיהרט שוין צו'ן עפּיס... ער וויל שוין עפּיס!

— איז וואָס? —

— מיין איך טאַקי, זי זאָל זיין איין אמת'ע שותּפ'טע... זי זאָל אַריינלעגען אין מסחר אַ חלק געלד.

— וואָס? וואָס זאָגסט דו? — שרה גלויבט נישט איהרע אייגענע אויערען. און אַז ער ענטפערט נישט, שפּרינגט זי איהם אַקעגען:

— גזלן, רוצח! — דאָס איז אַ טאַטע... דאָס איז אַ מאַן! ער ווייסט, דאָס קינד איז אַזוי קראַנק... אַז איך האָב אַ נדר געטהון נישט צו ספּעקולירען מיט איהר געלד... עס איז דאָך איהר שווער פערארבייט געלד! בלוטיג געלד... די קיישליך טראָגט זי מיר נאָך... קריגט אַ מאָל פּאַר'ן וועג... איך דערלעג איהר עפּיס...

שרה קען זיך גאָר נישט בערוהיגען...

חיים וויל עפּיס ענטפערן; דער אַלטער לאָזט נישט.

— שוויג שוין בעסער, חיים, שוויג — מאַכט ער — זעהסט דען נישט, אַז שרה'לע האָט רעכט... געה, זוך דיר אַ שותּף... רייס נישט איין די וועלט... לעב און לאָז לעבען.

חיים נעהמט שטילערהייט אין טאָרבע אַריין אַ שטיק ברויט מיט אַ ציבעלע און געהט אַרויס. עס בעלייט איהם דעם אַלטען'ס שפּרוך:

— האָסט געזעהען ווי פייגעלעך קלייבען בראָקען אויפ'ן הויף? אַ גרויסען בראָקען נעהמען צוויי...

---

נישט פיעל רוהיגער שלאָפט רבקה אין אַלטען'ס בעט. אינ'ם יוונגען קאָפּ וואַלגערט זיך אַרום אַ געדאַנק, וואָס לאָזט נישט פעסטער איינשלאָפען... אַ „בעגעגעניש" האָט זי געהאַט!

איינמאָל פאַרנאַכט, אַ היים געהענדיג פון פאַבריק, האָט זיך איהר אויפ'ן טרעטואַר אַ יונגער מאַן בעגעגענט.

זי גערט גלייך, מיינט, ער וועט אָבטרעטען, ער טהוט עס אָבער נישט, און קוקט איהר נאָך גלייך אין פּנים אריין מיט אַ פּאָר גראָהע לוסטיג־לאַכענדיגע אויגען, אַז זי איז רויט גע־וואָרען. זי האָט זיך גענומען אין אַ זייט און געלאָזט זיך אַהיים מיט געשווינדערע טריט. נעהמענדיג זיך אין אַ זייטען־גאַס, האָט זי זיך דאָך, נישט גערנוויליג, אומגעדרעהט, און דער־זעהן, אַז ער שטעהט נאָך; ער שטעהט אויפ׳ן זעלבען אָרט און קוקט איהר נאָך מיט׳ן אייגענעם שמייכעל, מיט די צוויי שורות ווייסע ציינער.

„זי וועט עס חנה׳ן דערצעהלען", טראַכט זי און האָט עס דאָך נישט געטהון, „וואָס וועט זי, די אָרימע, קראַנקע חנה, פערשטעהן?"

עטליכע טאָג שפּעטער איז ער איהר ווייטער אַקעגען געקומען. דאָס האַרץ הייבט איהר אָן געשווינדער צו קלאַפּען, זי שעמט זיך אויפצוהייבען די אויגען; געהט געשווינד פאַר־ביי, נאָר אַזוי אומגעלומפּערט, אַז זי איז שיער נישט געפאַ־לען אויפ׳ן גלאַטען טראָטואַר.

אין גאַנג דאַכט זיך איהר, אַז זי פיהלט, ווי זיין הע־לער, לוסטיגער שמייכעל גליטשט זיך איהר הינטען אויפ׳ן בלויזען האַלז.

און דאָס שרעקט זי; עס דאַכט זיך איהר, אַז אַלע אין גאַס קענען עס זעהען! און ענטלויפט נאָך געשווינדער.

איין מאָל איז ער איהר ווי פון אונטער דער ערד אַרויסגעוואַקסען.

זי האָט אויסגעשריגען: אַח! און ער שטעהט איהר אַ קעגען און פערשטעלט איהר דעם וועג.

— דאַכט זיך, מאַכט ער, — איך האָב דאָס גליק זי צו קענען, פריילין!

„פריילין" האָט ער געזאָגט!

דאָך ווערט זי בעז׳ מיידט איהם אונגעדולדיג און נאָך האַלב דערשראָקען אויס. און דאָך, מוז זי זיך מודה זיין, אַז

אַ שטימע האָט ער זעהר איין אָנגענעהמע. „אַ גאָלדענע שטי־מע״, זאָגט איהר אונטער דאָס האַרץ...

פון דעמאָלט אָן טרעפען זיי זיך כמעט יעדען אָבענד, זי רעדט נישט צו'ן איהם, שווייגט, נאָר ענטלויפען ענטלויפט זי שוין נישט...

און ער פיהרט זי יעדען אָבענד אָב פון פאַבריק.

זיי געהען צוזאַמען און שווייגען.

אָפט האַלט זי זיך נישט איין און וואַרפט אויף איהם אַ בליק פון דער זייט...

„די וואָנסאַליך זיינע...״

און דערויף ענטפערט ער מיט נאָך אַ לילטיגערן שמייכעל...

מאָדנע אויגען האָט ער... טייל מאָל, דאַכט זיך, פליהען פון זיי גאָלדענע שטראַהלען!

דערווייל איז מען דערפון געוואָהר געוואָרען אין פאַב־ריק; חבר'טאָרען האָבען בעמערקט, און געמאַכט דערפון אַ גערעד.

מען לאַכט פון איהר, מען וויצעלט זיך אויף איהר חשבון.

יונגהייט—נאַרהייט,— זאָגט מען — היינט ענטלויפט זי, מאָרגען וועט זי נאָכיאָגען...

„נישט דערלעבען וועלען זיי עס!״ טראַכט רבקה.

— זי וועט אַרויסשטעקען די צונג — ווי אַ שעפס צו זאָלץ... וואו נעהמט מען עס...

רבקה פערבייסט די ליפען און שווייגט.

— און אַ שענער יונג, — זאָגט מען, — אַ גאָלדענער יונג! האָהר, אויגען, אַ נאָז — ווי אָבגעטאָקט. פון וועסטענ־טאַש שלעפערט זיך נאָך אַ גאָלדענע קייט מיט אפשר צעהן גאָלדענע ברעלאָקען!

רבקה פיהלט זיך אַ ביסעל שטאָלץ.

— אפשר טאָמבאַק? איז איינע מסופק,

— חלילה! — טראַכט רבקה... אַנדערע זאָגען אויך:

— געה שוין געה ... מען זעהט, — אַ גבירישׁ קינד!
וואונדערט מען זיך נאָך מעהר:
— ווילסט נאָך נישט שפּיעלען קיין ליעבע, נאָך צייט! אָבּער שׂכל האָבּ; רעד אַ גוט וואָרט, נעהם קליינע מתּנות, חאַפּ איין אָנבּייסען ... צוקערקעס ... בּילעטען אין טעאַטער אַריין.
עמיץ לאַכט העל אויף:
— אודאי! נעהמען ווי אַ בּייז פערד ... גאָר געגאַרען זיך לאָזען, נישט! אַ מכּה זיי!
עס לאָזט זיך ענדליך הערען די עלטסטע מיט'ן לאַנ־גען, בּייניגען פּנים, פערשפּיצטער גאָמבּע און זייטיגע, גרינ־ליכע בּליקען.
— טע, טע, טע, — מאַכט זי, — אַ קליינינקייט, וואָס דאָס האָט צו פערנאַרען! חופּה־שטאַנגען וואַרטען, הבדלות שוין גרייט, נדן, — ווי הייסט? אַ שׂלל! שדכנים רייבּען אָבּ די שוועל, חתנים רייסען די טהירען!
רבקה פערבּייסט שאַרפער די ליפּען, בּוינט טיעפער דעם בּרענענדיגען קאָפּ איבּער דער אַרבּייט און צוויי הייסע טרעהרען פאַלען איהר אויף די הענד, וואָס זענען בּעשעפ־טיגט בּיי דער מאַשין.
און דאָס לאָזט זי נישט שלאָפען!
ניין! זי וועט גאָר נישט, גאָר נישט נעהמען.
קיין בּילעט אין טעאַטער אַריין, אודאי נישט!
איינמאָל האָט מען זי פערהאַלטען שפּעט בּיי נאַכט אין פאַבּריק; נייטהיגע אַרבּייט געווען ... איז די מאַמע געקומען צו לויפען אָהן אָטהעם, אָהן אַ נשמה ... אַז די מוטער האָט זי דערזעהן, האָבּען איהר די אויגען אָנגעהויבּען פינטלען, דערנאָך שפּריצען ווי אַ פאָנטאַן... הינטען, אין פאַבּריק־הויז, בּיי די טרעפּ, איז ערשט געשטאַנען דער אַלטער זיידע און געקנאַקט די פינגער ...

— געלויבט איז גאָט, — האָט ער געמורמעלט — געלויבט איז גאָט!

„ניין, זי וועט עס נישט טהון!"

שרה וויל שוין אויך געהן אין גאַס אריין. זי שטעלט דעם אַלטען אַ גלאָז מילך בּיים טישיל, רוקט איהם צו יענקע־לען מיט'ן וויעגעל, און וויל נאָך פערזאָרגען עטליכע קליי־ניגקייטען אין בעל־בתי'שקייט...

דערבּיי האָט זי דאָך צייט צו קלאָגען זיך פאַר'ן אַלטען אויף דער היינטיגער וועלט.

— איהר האָט דאָך געהערט, שווער! תנאים דאַרפען זיין... דער לעצטער טערמין... טעלעגראַפּירט, מען הייסט שוין איינקייפען... און זי, די כּלה'שי, מאַכט אַ סקאַנדאַל! זי וויל נישט! זי וויל נישט קיין חתן פון פּראָווינץ... זי האָט אַ וואַרשאָווער, זאָגט זי! אַ וואַרשאָווער דייטשעל האָט זי!

חנה. וואָס איז בּיז אַהער געלעגען מיט אָפענע אויגען צום סופיט און געקוקט ווי די פליגען רייסען זיך אָב איינע נאָך דער אַנדערע און צופליהען זיך אין שטוב, דערהערט וואָס די מוטער דערצעהלט, זעצט זיך פּלוצים אויף, איהרע גע־וועהנליך מאַטע אויגען בּעקומען אַ גלאַנץ... זי הערט, זעהט אוים, און אינטערעסירט זיך... זי שפּיצט נאָך אויף די אויע־רען און עפענט דאָס מויל, ווי צום איינשלינגען דער מוטער'ס ווערטער.

די מוטער איז פון דעסטוועגען זיכער, אַז דאָס פערדיענסט וועט נישט ענטרינען „תנאים וועלען, אם ירצה השם, זיין! דער אַלטער פימסענהאָלץ וועט זיך זיין שטערטעל בּעשטעהן... די „צוגאָסענע פימסענהאָלצען" שווייגט אויך נישט... „איי, האָט זי גענעלעך!"

— קודם כּל, — האָט מיר די קעכין פון דאָרט דער־צעהלט, — האָט מען געמאַכט אַ רעוויזיע, געפונען בּריעף פון עפּיס אַ דייטשעל, אַ ימח־שמו'ניק און מען האָט זיי פערבּרענט

דערנאָך ערשט האָט זי געלייזט, אָבער שען געלייזט... בײַ די האָהר האָט מען זי אַרומגעשלעפּט.

חנה פּיהלט אַלץ, די אויגען ווערען איהר פייכט, דאָס פּנים — געררייטעלט און פערצעהרט פאַר רחמנות.

זי פאַלט צוריק אויפ'ן קישען מיט אַ געוויין.

שרה דערשרעקט זיך, דער אַלטער לויפט אויך צו.

— וואָס איז חנה'לע, וואָס איז דיר געשעהן?

— אַ שאָד מאַמע, אַ רחמנות...

— אויף וועמען, טאָכטער? אויף וועמען? וואונדערט זיך שרה.

— אויף דער כּ׳כּ׳כּלה... זי איז אַזאַ — אַזאַ גוטע... אַזאַ האַרציגע... גיט מיר שטענדיג געלד... דאָס געלד, וואָס איך גיב דיר... זי גלעט מיך... זי קושט מיך אַמאָל... זי וויל מיך אפילו לערנען שרייבען.

— נאָך דאָס פעהלט מיר! מאַכט שרה נישט גערן — צו מיינע שונאים'ס קעפּ, צו זייער הענד און פיס! זי וויל דיר אויך דעם קאָפּ פערדרעהען... זאָלסט אויך נישט פאָלגען אַ מאַמען.

חנה ענטפערט אין מיטען געוויין:

— ניין, מאַמעשי, ניין! האָב גאָר קיין מורא נישט! איך וועל דיך שטענדיג פאָלגען! וואָס פאַר אַ חתן דו וועסט מיר נישט געבען!

עס הערט זיך פּלוצים אַ קלינגענדיג געלעכטער.

דאָס לאַכט רבקה פון דער שוועסטער'ס נאַרישקייט.

— מרשעת, — שרייט שרה, — דאָס קינד איז קראַנק, מסוכן־קראַנק און זי לאַכט..! לאַכען זאָלסט דו, וועל איך דיר זאָגען ווי.

— שילט נישט, שרה, — בערוהיגט זי דער אַלטער, — זי איז דאָך אויך אַ קינד.

שרה געהט אָב פערדראָסען און וואַרפט, אַרויסגעהע־ענדיג פון שטוב, צו רבקה'ן אַ בעפעהל: שטעה אויף, פראַנ־

צימערקע... גיב חנה'ן טהיי, קעהר אוים די שטוב...

---

דער אַלטער מנשה האט אויסגעטרונקען זיין מילך און האט זיך געזעצט צום פענסטעריל.

דורכ'ן פענסטער'ל פון סוטערינע זעהט מען נאָר די שמאלע לאַנגע שאָטען, וואָס די פים פון די דורכגעהער וואַרפען אויף די קליינע שויבען.

וואָס גרעסער עס ווערט דער טאָג, דאַשער טוישען זיך די שאָטען; טרויעריגער ווערט דער אַלטער. מענשען איילען זיך, לויפען, האַנדלען און וואַנדלען; ער איינער (אַזוי דאַכט זיך איהם) טויג שוין צו גאָר נישט.

ער נעהמט זיך צום תהלים'ל מיט עברי-טייטש.

מיט אַ ציטעריג קול זאָגט ער אַ פסוק לשון קודש, אַ פסוק יודיש, און ריהרט מיט אַ ציטעריגען פוס יענקעלי'ס וויגעלע.

רבקה זיצט שוין האַלב אָנגעטהון ביי חנה'ן אויפ'ן בעט, ביידע טרינקען טהיי. נעבען רבקה'ן, וואָס שפריצט מיט פריש לעבען, זעהט חנה נאָך קרענקליכער, נאָך בלאַסער און קלע-נער אוים; נאָך קינדישער.

זיי האַלטען אין מיטען אַ פערטרויטען שמועס.

— איך וועל נישט אויסזאָגען, חנה, דערצעהל!

— שווער דיך!

— איך שווער...

— ביי וואָס?

— ביי וואָס דו ווילסט.

חנה קנייטשט איין דעם שטערן און קלערט אוים:

— ביי יענקעלי'ס געזונד!

— ביי יענקעלי'ס געזונד! חזר'ט איבער רבקה.

— נו וואָס!

— אז דאָס!... אַז איך וועל נישט אויסזאָגן, וואָס דו וועסט מיר דערצעהלען...

חנה פערטראַכט זיך.

— זיצענדיג — זאָגט זי — קען איך נישט... איך וועל בעסער ליעגען און קוקען אויפ'ן סופיט; אַזוי פערגעס איך אַלץ און פלאָנטער מיך... אַז איך ליעג און קוק אַרויף, זעה איך אַלץ פאַר מיר... שטעלט זיך מיר אַלץ אַקעגען...

— נו, ליעג דיך, חנה...

— דו אויך! לעג צו צו מיר דאָס אויער, עס איז אַ שרעקליכער סוד! איך וויל נישט, דער זיידע זאָל הערען!

און חנה קנייטשט נאָך שטאַרקער איין דעם שטערן. זי עטהעמט שווער, ווי פון אונטער אַ שווערער לאַסט. זי פאַלט צוריק אויפ'ן קישען.

שטאַרק פעראינטערעסירט, שטעלט רבקה געשווינד אַוועק די גלעזער און לעגט זיך צו.

דער אַלטער האַקט איבער זיין תהלים, וואַרפט אַ בליק צום בעט און פרעגט:

— נישט גלייכער אויפצורוימען, רבקה?

— באַלד, באַלד זיידישי, — ענטפערט רבקה, — חנה וויל מיר עפּיס דערצעהלען.

דער אַלטער בעוועגט דעם קאָפּ מיט אַ טרויעריגען שמייכעל און הייבט אָן ווייטער זינגען זיין תהלים מיט'ן עברי טייטש.

און חנה דערצעהלט מיט איין אַיין געקנייטשטען שטערן און ווייט-געעפענטע, כמעט שטאַרע אויגען, פאַר וועלכע רבקה שרעקט זיך אַ ביסעל. עס דאַכט זיך איהר, אַז חנה דערצעהלט נישט פון זכרון, נאָר זעהט עפּיס פאַר זיך און זאָגט, וואָס זי זעהט. און איהר שטימע איז אַזוי טיעף, און דער אָטהעם פיהלט זיך איהר אַזוי הייס...

---

חנה דערצעהלט:

... די קעכין איז ערגיץ אַרויסגעגאַנגען ... איך בלייב איינע אַליין אין קיך ... אויף דער מאַמען וואַרט איך; זי דאַרף נאָך מיר קומען.

— רבקה, שלאָגט זי זיך פלוצים איבער — ווען האָבען מיר געגעסען הירזש מיט האָניג?

— נעכטען! — ענטפערט רבקה מיט איין אונהיימליכער שטימע.

— איז עס טאַקי געוועזען נעכטען ... יאָ, נעכטען.. זיץ איך אַזוי און זופ טהיי. די קעכין גיט מיר שטענדיג טהיי ... ווען איך קום, גיט זי מיר טהיי ... און דאָרט איז אַ מחיה טהיי צו טרינקען ... מיט אַ זילבערן לעפעלע, עס גלאַנצט ... פון טהיי ווערט אַזוי וואַרים אין אַלע אברים ... און צוקער — הערסט — אַריינגעלעגט.

איך וויל טרינקען צוגעבּיסען, די רעשט אהיים נעהמען; לאָזט זי נישט, די קעכין. זי זאָגט: צוקער איז פאַר דיר געזונד, זאָגט זי ... און קוקט, איך זאָל אַריינלייגען אַלע דריי שטיקער!

אַ פונט צוקער קריעגט זי דאָרט די קעכין; יעדע וואָך אַ פונט צוקער! אַ חוץ וואָס זי נעהמט אַליין, פון דער זילבערנער פושקע, וואָס שטעהט אין דער ערשטער שטוב ... אָפען שטעהט זי; איך האָב אַליין געזעהען! נאָר איך וועל נישט נעהמען...

אויף דער פושקע איז דאָ אַ הירש. די פימסענהאָליץ האָט מיר אַליין געזאָגט, אַז עס איז אַ הירש; מיט אַזוינע גרויסע, געדרעהטע הערנער ... איין אמת'ער הירש.

— הכלל, דו זיצסט אין קיך? — מינטערט זי רבקה.

יאָ, זיץ איך אויפ'ן בעט. אויפ'ן שענעם בעט ... אוי, האָט עס די קעכין אַ בעט! דריי גרויסע קישען, ווייסע ציכלעך, ווי שניי ... געשטיקטע לאַנגעטען, עס קוקט אַרויס רויט... גרויסע פערלמוטערנע קנעפ, ווי פערציגער גרוים! אַ געשטעפטע אַטלעסענע קאָלדרע. און מיט'ן — אַ גרויס ראָד ווי

אַ ברונען! אָרום און אָרום — גרויסע אָדלער מיט פליגעל...
פון אויבען נאָך אַ גרינע, זיידענע קאַפּע... אַ גאַנצע פּריצה׳טע
איז זי, די קעלין; נאָר אַ גוטע. בעט מיך זיצען אויפ׳ן בעט
צופיסענס... שאַרט אַוועק די קאַפּע מיט דער קאָלדרע..
זי האָט מיך ליעב, זאָגט זי, און — ווייסט דו פאַר וואָס,
רבקה?

— פאַר וואָס?

— זי האָט אויך, געהאַט אַזאַ מיידעל ווי איך...
נישט חנה האָט זי געהייסען, נאָר אין מיינע יאָהרען... גע-
שטאָרבען איז זי... האָט זי מיך ליעב... זאָגט זי...

— וואָס האָסט דו אַ ציטער געטהון, רבקה?

— עט, גאָר נישט... דערצעהל ווייטער, חנה...

— איך זיץ און זופּ טהיי... און זי קומט אַריין...

— ווער?...

די געשלאָגענע כלה...

— וואָס? די געשלאָגענע —

— האָסט נישט געהערט? — די מאַמע האָט דאָך
דערצעהלט! יאָ, יאָ, מען שלאָגט זי, ווייל זי וויל נישט דעם
חתן —

— אַהאַ, — הכלל — זי קומט אַריין?

— זי קומט אַריין — אַ בלאַסע... רויטע אויגען —
הערסט, רבקה, אין שטוב טראָגט זי אַ בלאָה-זיידען קלייד,
אַ שפּאָגעל נייעס, מיט רויטע פּינטעליך — הונטען שלעמפּערן
זיך נאָך צוויי לאַנגע, ברייטע, אַטלעסענע, אויך רויטע
שאַרפען, אונטען בענייהט מיט שוואַרץ-זיידענע פרענז — און
בריליאַנטענע אויערינגלעך, — פערקעמט איז זי אויסטער-
ליש — הויך איבער׳ן קאָפּ אַ קרענציל — אין מיטען קרענ-
ציל — אַ טויב מיט צוויי אויסגעשפּרייטע פליגעל, — פער-
שטעהסט? פון די האָהר אויסגעלעגט! די בייהאָהר פערנוי-
מען הינטען מיט אַ גאָלדענער קלאַמרע; פון פאָרענט—אַ גאָל-
דענע שפּילקע, אפשר צוויי! ביים פּאַסיק ווייטער אַ גאָלדענע

קלאָרע — אַ פֿערבלענדעניש! וואו זי גיט זיך נישט אַ ריהר גיט ווי אַ בליץ!

חנה שמאָקט.

— און שוין?

— וואַרט — עס איז אַ גרויסער סוד, רבקה. און זי גיט צו מיט שרעק:

— נאָט וועט שטראָפֿען, אַז דו וועסט, חלילה, אויסזאָגן!

רבקה פֿערזיכערט, אַז זי וועט נישט אויסזאָגן.

חנה לעגט רבקה'ן אונטער די האַנד, דריקט איהר קאָפּ נעהנטער צו זיך און דערצעהלט ווייטער מיט נאָך אַ שטילערער, נאָך אַ טיפֿערער שטימע.

— זי דערזעהט מיך און פֿאַלט צו מיר צו מיט אַ געוויין. —

— וואָס האָט זי פֿון דיר געוואָלט?

— אַ טובה האָט זי געוואָלט פֿון מיר!

— אַ טובה? זי פֿון דיר אַ טובה?

— שטעקט מיר אין האַנד אַריין אַ האַלבען רובל — דעם האַלבען רובל, וואָס איך האָב נעכטען אָבגעגעבען דער מאַמען — און נאָך עפּיס...

— וואָס נאָך? חנה'שי!

„חנה'שי" אין רבקה'ס מויל, איז אַ זילבערער שליסעל צו עפֿענען חנה'ס האַרץ.

— אַ בריעף — אַ בריעף, זאָל איך איהר אָבגעבען — בסוד סודות.

— און דו האָסט גענומען?

— וואַרט — זי לערנט מיך אויס אויסענווענדיג די אַדרעס: איך קען דאָך נישט לעזען! הערמאַן... דעם צווייטען נאָמען האָב איך שוין פֿערגעסען — די גאַס אויך — נומער, דאַכט זיך, 40 — יאָ פֿערציג.

— האָסט גענומען און אָבגעגעבען? פֿרעגט רבקה מיט אַ פֿערבאָרגענע שרעק.

— נישט אזוי געשווינד, — ענפערט חנה נאאיוו — איך האָב פריהער געבלאָנדזעט.

ניט דאָס אָבער אינטערעסירט רבקה'ן

— עס איז אַ בחור? — פרעגט זי שאַרף.

— ווייס איך? מן הסתם —

— וואָהנט אַליין? —

— דאַכט זיך — יאָ; ער אַליין האָט מיר געעפענט. איך האָב נאָר אַ דריק געטהון דאָס ווייסע קנעפּיל — זי האָט מיך עס אויסגעלערנט. —

— ער האָט צוגענומען דעם בריעף? —

— צוגענומען.

— געגעבען תשובה?

— תשובה האָט ער נישט געגעבען. ער וועט שרייבען אויף דער פּאָסט, זאָגט ער. נור ער האָט זיך זעהר דערפרעהט מיט'ן בריעף. ער האָט פאַר גרויס פרייד מיך אריינגענומען אין שטוב, געזעצט אויף אַ בענקיל...

— נאָך וואָס?

— פאַר גרויס שמחה! ער האָט מיר אפילו געגלעט די האָהר — אזוי ווי די מאַמע טהוט אַ מאָל — אַ יום-טוב, צי שבת, ווען זי האָט צייט...

דערנאָך האָט ער געלאַכט און האָט מיך אפילו געקושט... אין מויל אַריין, גלייך אין מויל אַריין... דערנאָך די אויגען... שענע אויגען, זאָגט ער, האָב איך...

רבקה בלייבט ליעגען ווי פערשטאַרט...

חנה פערטראַכט זיך אַ ביסעל, און ענדיגט:

— אָבער שפּעטער, אַז ער האָט געוואָלט מיר עפענען דעם בוזעם און אַריינשטעקען די האַנד, האָב איך מיך פערשעמט און בין אַנטלאָפען... ער האָט פערגעסען צו פערמאַכען די טהיר... אָפען געוועזען...

— געלויבט איז גאָט, געלויבט איז גאָט... — שעפּצעט רבקה מיר אַ פערשטיקט געוויין...

— וואָס זאָגסט דו? רבקה...

— גאָר נישט, חנה...

— זאָג נור, רבקה, נאָך וואָס האָט ער עס געוואָלט אַרײַנשטעקען אין בוזעם...

— שווײַג! שלאָגט איהר רבקה איבער מיט שרעק.

— — — — — — — — — — —

צום גליק הערט נישט דער אַלטער. ער איז פערטיעפט אין זיין תהלים. ער זאָגט אַ פסוק און פערטײַטשט באַלד:

„זיי האָבען קיין וואָהר וואָרטנישט אין מויל... אינערוועניג, אין האַרץ, הייסט עס, האָבען זיי אַ בראָך... זייער האַלז איז איין אָפען קבר... אַ גרוב, הייסט עס, אײַנצושלינגען...

און אַ גלאַטינגע צונג האָבען זיי...״

רבקה הערט זיך איין מיט אַ בלאַס פּנים און פערביסענע צייהן...

חנה קוקט זי אָן דערשראָקען...

---

## פון וואנען נעמט זיך: „ער שפּילט פאר׳ן טייוועל״

(אַ פאַנטאַזיע)

עס האָט געקאָנט זיין אַ כּלי־זמר, וואָס האָט זיך אין אַ מיידעל אויף אַ חתונה פערליעבט. ער האָט זעלטען, זעלטען שען און טרויריג געשפּיעלט, ווייל ער האָט בעמערקט, אַז זי הערט, פיהלט און פערשטעהט איהם.

אויף דער חתונה, וואו זי איז געוועזען, האָט ער גע־שפּיעלט שטענדיג וויינענדיג, שטענדיג האַרץ־רייסענדיג; שטענ־דיג האָט זיך זיין ווייטאָג נעגאָסען און געגאָסען.

און דער עולם האָט נישט פערשטאַנען, וואָס עס איז, און האָט דערביי „מצוה־טענץ״ געטאַנצט; זי איינע האָט פערשטאַנען, און די ליכט אין איהרע אויגען, אָדער דער פייכטער טהוי אין זיי, האָט אויף זיין שפּיעלען געענטפערט.

איז אָבער זי אויף דער חתונה נישט געוועזען, האָט ער גלייך ווי אַלע אָנגעהויבען גרימפּלען און רופען:

— שבת, שבת!

עס האָט געהילכט, געשאַרפּיט, געריסען, די געדערים איבערגעוואָרפען...

און דער עולם האָט געזאָגט:

— היינט שפּיעלט ער וואויל! ער רייסט איין סטרונע נאָך דער צווייטער!

דערנאָך האָט ער אויף איהר אייגענע חתונה גע־שפּיעלט.

זי איז אַ יתומה געווען, און בײַ'ם אל־מלא־רחמים האָט די פיעדעל אַזוי יעמערליך געוויינט, אַזוי געקלעמט, אַזוי געקרעכצט, אַז ...

אַז די מענער האָבען געוויינט ווי ווײַבער, און ווײַבער האָבען גע'חלש'ט.

— דער טײַוועל שטעקט אין זײַן פיעדעל, — האָט מען געזאָגט.

און ערשט, אַז די כלה האָט אָנגעהויבען חלש'ען און ווײַבער האָבען זיך מיט קרעמפּען צולאַכט, האָט מען איהם די פיעדעל פון די הענד אַרויסגעריסען.

דעמאָלט ערשט האָט מען בעמערקט, אַז ער האָט גלעזערנע אויגען ...

דערנאָך האָט ער אַ צײַט לאַנג נישט געשפּיעלט.

ער איז ערגיץ פערפאַלען געוואָרען, אפשר ערגיץ קראַנק געלעגען ... אין אַ צײַט אַרום האָט מען איהם ווידער אין קאַפּעליע געזעהן, נור — קוים דערקענט ... בלאַס, אויסגעמאָגערט, מיט פערלאָשענע אויגען; גאָר נישט דער מענש, און גאָר נישט דאָס שפּיעלען. ער האָט שוין מעהר קיין שטייגער נישט געשפּיעלט, אַפילו נישט פּרים געהאַלטען. איין אַנדערער האָט געשפּיעלט פּרים, און ער האָט צוגעהאָלפען, זיצענדיג, נישט ריהרעוודיג ...

איינמאָל האָט ער זי דערזעהען בײַ'ן אַ „וויעטשערע". ער איז אויפגעשפּרונגען, אויסגעריסען די פיעדעל בײַ'ם פּרים און אָנגעהויבען שפּיעלען. שפּיעלען ווי אַמאָל: דאָס אויג פלאַמט, דאָס האַרץ דריקט, די פיעדעל וויינט —

נאָר קיינער הערט נישט ... זי הערט אויך נישט! זי האָט זיך צוריק פערמישט צווישען די ווײַבער, ער זעהט זי נישט, איהר בליק ענטפערט נישט —

— הוי! כלי־זמר! — שרייט אַ מחותן — שפּיעלט עפּיס פרײַליכעס צו דער וויעטשערע! חאַפּט ער די פיעדעל, וואַרפט צו דער ערד און ענטלויפט.

— אין דעם יונג שטעקט דער טייוועל,—האָט מען געזאָגט.

פון דעמאָלט אָן האָט ער נאָר אויפגעהערט צו שפּיע־לען אויף חתונות. דער עול פון פּרנסה איז אין גאַנצען אויפ'ן ווייב געפאַלען; ער איז געזעסען אין שטוב, שטענדיג מיעד, בלאַס, אָהן כח.

דאָס ווייב האָט געזאָגט: אַ דבוק, און געמאַכט זיך אַ שטעל אויפ'ן מאַרק מיט געקאָכטען אַרבּיס.

זי דאַנקט אין לויבּט דעם אייבּערשטען, וואָס האָט זי געשטראָפט מיט רחמנות, וואָס האָט איהר אַ גוטען דבוק געשיקט. איין אַנדערער שלאָגט און הרג'ט און האַקט אויס שויבּען. דער דבוק איז האָטש אַ גוטער, אַ שטילער... וואָלט זי געהאַט געלד, וואָלט זי צו'ן אַ גוטען יוד געפאָהרען.

— ער איז אַזוי גוט,—ריהמט זי זיך,—אַז ער שעלט אפילו נישט. אַמאָל פלעגט איהם גיכער אַ קללה אַרויס פון מויל; היינט איז ער שטיל ווי אַ טויבּ. ער וויל אפילו נישט עסען... גיט מען איהם, עסט ער, נישט—נישט!

נאָר טייל מאָל, האַלבּער נאַכט, מעהרסטענטיילס אין אַ לבנה־נאַכט—הייבּט ער זיך אויף, נעהמט אַראָבּ די פּיע־דעל פון וואַנד, זעצט זיך צום פענסטער און שפּיעלט.

ער שפּיעלט אַמאָל וויינענדיג, אַמאָל לאַכענדיג; אַמאָל בעט ער, אַמאָל בּייזערט ער זיך, אַמאָל רייסט ער די סטרונעס, אַמאָל גלעט ער זיי אַזוי איידעל, אַזוי פיין, אַזוי האַרצענדיג־ווייך, אַז עס צוגעהט אין אַלע גלידער...

און דער עולם זאָגט:

— ער שפּיעלט פאַר'ן טייוועל.

# וואס מתים פערצעהלען.

עטליכע טעג נאָכאנאַנד האָב איך געהונגערט.

און אז דער קאָפּ איז שוין צו-שווער געוואָרען, דאָס בלוט האָט מערדעריש אין די שלייפען געהאַמערט, און פאַר די פינטעלדיגע אויגען האָבען ווערמליך געווימעלט, און איך האָב מיך, אָנהאַלטענדיג זיך בײַ די ווענד, ארויסגעוואַקעלט פאַר דער טהיר בעטען ברויט, איז פונקט געווען תשעה-באב, ווען אַלע פאַסטען.

די זון איז געשטאַנען הויך איבער'ן מאַרק, געגאָסען ליכט און היץ אין די פערבאָרגענסטע ווינקעלעך אַריין... און עס געהען די פאַסטער אויפ'ן בית-עלמין אַרויס, זיך קיהלען. געה איך מיט.

ביימלעך וואַקסען צווישען די קברים, נאָגען זיי די טויטע אויס. צום הימעל רייסען זיי זיך נישט, האָבען זיי פאַר דאָס שטאַמען פעטטערע, צווייגען דיקערע, צושפּרייטע-רע, און בלעטער — פעטערע און גרינערע, און גיבען שאָטען א סך. —

געקומען בין איך, דער הונגעריגסטער, אמשפּעטסטען.

פערדריסט עס מיך; אַלץ פערדריסט א הונגעריגען.

אויך פערדריסט מיך, פאַר וואָס געהען די לעבעדיגע צווישען די קברים און וואַקלען זיך, און וואָלטען געשמועסט און געפּאַלען, עס זאָל זיך וואָס אַמאָל א לעבעדיגער נישט אָנחאַפּען אָן אַמצבה פון א טויטען...

און פאַרוואָס, אַרומדרעהענדיג זיך צווישען די קברים, רעדען זיי אַזוי שטיל? פאַרוואָס זאָלען די טויטע נישט הערען? ווערען זיי מיר פערהאַסט, די לעבעדיגע, מיט זייער סוד'ן און וואַקלען זיך, לאָז איך מיך פון זיי צום שטיק אַל-טען בית-עולם אַוועק, וואו די לעבעדיגע געהען שוין נישט, וואו זיי קאָנען זיך שוין קיין קרובה'שאַפט נישט אויסרעכענען, און זייער פוס טרעט נישט. און וואַרף מיך אין הויכען גראָז אַריין, וואו איך זעה אַלע און מיך זעהט קיינער נישט. איך אַז איך וויל אויך נישט זעהן, לאָז איך די ברעמען אַראָב, מאַך די אויגען צו פעסט, דרימעל איך איין — —

געדענק איך נישט, וואָס מיך האָט אויפגעוועקט: אַ חלום אַ בייזער, צו אַ בייסענדיגער קאָמאַר. נאָר אַז איך האָב מיך אויפגעהאַפט — אַ גרויסע לבנה שווימט, אַ שטיל בית-עלמין, טויטע שטערען נישט, שפעטער אָוועגד. פון שטאָרט זעהען זיך נאָר די בעלייכטע פענסטער פון שוהל, דאָרט זאָגט מען „ויחל״.

ווייסע פלעקען שוועבען דורך. דאָס געהען מתים פאַר-ביי. מיט די פנים'ער צו דער שוהל, מיט די רוקענס צו מיר און זעהען מיך נישט.

נישט ווייט פון מיר, הער איך זיי.

— איך געדענק — זאָגט אַ לאַנגער מת — שוין גאָר נישט.

שאָקלען יענע צו מיט די קעפּ.

שטעלט מען זיך אָב.

— נאָר איין חלום — גיט דער לאַנגער צו — איז מיר אין זינען געבליבען; פון די יונגע יאָהרען.

— דעמאָלט גע'חלום'ט. און אפשר ערשט אַצינד, און דאָס לעבען דאָרט איז נאָר דער בעשייד צו דעם חלום געווען?

זאָגען זיי:

— דערצעהל!

דערצעהלט ער.

„ער געהט אויף אַ וועג, איינער אַליין און אין אַ פינסטערניש. וואָס אונטער מיר, וואָס רעכטס איז אין לינקס, ווייס איך נישט"...

„געוואוסט, אייגענטליך, האָט ער: סעדער געווען, גערטען געווען. אין די סעדער און גערטען זענען הייזער געשטאַנען, אין די הייזער האָבען מענשען געוואוינט; יונגוואַרג — אין די סעדער און די גערטען שפּאַציערט. פון בוים אַראָב, אין די סעדער, פריש אויבס אין מויל אַריין זיך געריסען. בלומען — אין די גערטען. און אין די גערטען האָט מוזיק געשפּיעלט, האָבען זיי אַרום דער מוזיק שפּאַציערט; צום טאַקט. אין די זייטען-וועגען — האַרציג געפּלוידערט. אין די טונקעלע ווינקעלעך — זיך געקושט. אין די אַלטאַנען — געטרונקען און געלאַכט —— נאָר געזעהען דאָס אַלץ האָט ער נישט. פאַר איהם איז אַלץ אַרום איינגעזונקען געוואָרען אין חשך. געהערט האָט ער אויך נישט — פאַר זיין אויער איז אַלץ פערשטומט געוואָרען... זיינע אויגען האָבען נאָר געזעהן דעם וועג פאַר זיך, און די אויערן האָבען נאָר אַ געזאַנג פון ווייטען געהערט. און אפשר האָבען נישט די אויערן געהערט, נאָר דאָס האַרץ; אַ שטיל-פער'כשופ'ט געזאַנג געווען, אַ ליעד, וואָס האָט געצויגען... די ווערטער פון ליעד האָט ער נישט פערנומען; אפשר גאָר אויף אַ פרעמדער שפּראַך געווען, נאָר די מעלאָדיע. געפיהלט האָט ער, אַז ווען ער זאָל די ווערטער פערנעהמען, וואָלט ער אַלץ געוואוסט, אויף אַלעם בעשייד בעקומען, — אַזוי האָט איהם דאָס האַרץ געזאָגט... און דער וועג גלאַנצט אויך פער'כשופ'ט, עפּיס אַ שימערירענדיגער שאַרף ציהט זיך אין חשך, אויסגעצויגען ביז אַהין, ביז צום וואָרט פון דער מעלאָדיע"...

ער זעצט זיך, יענע שטעלען זיך אַרום איהם.

— היינט, זאָגט ער, ווייס איך, וואָס דער וועג האָט בעטייט...

„אַ סך, אַזוינע, ווי איך, זענען פאַר מיר געווען, האָבען זיי מיט די פיס דעם וועג אויסגעטרעטען. קיין גרעזיל, קיין בלימעל געבליבען"...

„איך האָב מיך גאַנץ אָפט אָבגעשטעלט און געוויינט פאַר צער און צאָרן, פאַרוואָס מען קאָן נישט דערגעהן; זיי אויך...

פאַלען די טרעהרען פון פנים אַראָב, ווערען זיי אויפ'ן וועג פערגליווערט, גלאַנצען זיי, שימערירען זיי, — די איינציגע טרייסט...

„דערגעהן קאָן מען נישט".

„ווער עס זינגט און רופט, ווייסט מען נישט".

„אַמאָל האָט זיך מיר געדאַכט — אַ ווייטער שטערן אין הימעל רופט, זינגענדיג. איך געה אַ זינגענדיגען שטערן נאָך. און באַרג-אויף געהט דער וועג, צו הימעל צו"...

„אַמאָל — אַז זי רופט"...

„זי האָט שוין לאַנג נישט געלעבט. דאָס האָב איך געוואוסט, אָבער אַז זי רופט"...

„און טיילמאָל, אַז אַ פויגעל זינגט, נאָר עפּיס איין אַנדערער, נישט ווי אַלע..."

ער לאָזט אַראָב דעם קאָפּ, פערטראַכט זיך און עס דערהערט זיך אַ פרויען-שטימע:

„איך האָב אַנדערע וועגען געהאַט — אין אַ גאָרטען! — גיט זי צו אַ ביסעל בעריהמעריש! —

און זיפצט באַלד אָב:

— אויך אַ חלום פון יונגע יאָהרען... און אפשר — גע'חלומ'ט ערשט אַצינד... איך קען נישט וויסען...

און זי פערצעהלט:

„אַ קליין מיידעלע בין איך געווען, און איינע אַליין אין שטוב".

„עפּיס זענען אַלע אַוועקגעגאַנגען, אויף אַ לויה, אויף אַ שמחה?"...

„ניין, געמוזט אַ קונצענמאַכער געהן אין מאַרק איבער אַ שטריק; די דיענסטען זענען איך אַוועקגעגאַנגען".

„קיין ניאַניע שוין נישט געהאַט; לאַנג צוריקגעגאַנגען אין דאָרף אַריין".

„אָבער גלייך ווי געהאַט. איך האָב נאָך אַלע איהרע מעשה'לעך געדענקט. אַ גאַנץ ניאַניע-וועלטיל האָט אין יונגען הערציל געלעבט — און דאָס שפּיעל-צייג, וואָס איך האָב גע- האַט: העלדען אַלערליי, פערדלעך פלינקע, אַ בת-מלכה, וואָס האָט געקאָנט די אייגעלעך עפענען און פערמאַכען, ווען איך האָב געוואָלט. און אַ האָהן מיט אַ רויטען קאַם און אַ היהן, וואָס האָט געקוואַקעט, ווען איך האָב געהייסען... דאָס אַלץ איז געווען די בעפעלקערונג פון'ם וועלטיל... אפילו דאָס טראָמפּייטעריל מיט'ן פּייקעל האָבען אַריינגעפּאַסט אין דער מלוכה פון די מעשה'לעך... בין איך ווירקליך אַ גוט און שטיל קינד געווען, קיינמאָל נישט געוויינט... לעב איך מיר, אַליין געלאָזט, אין מיין ניאַנעס וועלטיל און שפּיעל מיך"...

„שפּיעל איך מיך אַזוי".

„פאַלט מיר פּלוצלונג איין, גיב איך איינעם פון די העלדען אַ פרעג:

— האָסט מיך ליעב, הוסאַר?

„און דאָס ערשטע מאָל בעמערק איך, אַז ער ענט- פערט נישט".

„זאָג איך: קוש מיך! און לעג-צו מויל צו מויל, און צום ערשטען מאָל דערפיהל איך אַ קעלט פון'ם בלעכיל...

„האַפּט מיך אָן אַ פּלוצלינגער צאָרן".

„וואַרף איך דעם הוסאַר אויף דער פּאָדלאָגע; די אַנ- דערע העלדען — נאָך. צוריים איך דאָס פערדיל; שיט זיך שטרוי. די בת-מלכה געשליידערט — פּאָרצעלייַ פּלאַצט. אַזוי די פּייקלעך, דאָס טראָמפּייטעריל — טרעט איך זיי מיט די פיס און שריי:

— ניאַניע! ביזט אַ ליגנערין, ניאַניע.

„ווערט מיר אַ שאָד: אַ וועלטיל טויט געוואָרען״...
„בעווייזט זי זיך, די ניאַניע״.
„די טהיר נישט געעפענט — אַריינגעקומען״.
„שמייכעלט זי אַזוי ליעב, יעדעס שרימפּעלע שמייכעלט; פערגעס איך אַלץ. איינעלעך האָב איך שוין טרוקענע, די הענדטליך אַרום איהר האַלז, קוש איך זי״ —
— קום, זאָגט זי, קינד מיינס, שפּאַציערען.
— וואו אַהין?
ענטפערט זי:
— פאַר׳ן הויז! אין גאָרטען אַריין, שפּאַציערען.
„ווייס איך, אַז פאַר׳ן הויז איז קיין גאָרטען נישט פאַרהאַן; נאָר אַז די ניאַניע זאָגט...
„עפענט זי די טהיר אויף״.
— „דיר, זאָגט זי — מוז מען עפענען״.
„געהען מיר אַרויס פאַר דער טהיר — אַ גאָרטען״.
„אַרום גאָרטען — אַ מויער; אין דער מויער — אַ טהיר׳ל פאַרהאַן״.
„עפענט זי מיר דאָס טהירעל, שטופּט מיך פלוצלונג אַריין זי בלייבט אין דרויסען און פערמאַכט מיך איינע אַליין אין גאָרטען... גיב איך אפילו קיין געשריי! אַזוי שען איז ער, דער גאָרטען. ווענען — גלאַנצענדיגע״.
און צום לאַנגען, וואָס האָט פריהער פערצעהלט, זיך ווענדענדיג:
„און נישט פון טרערען, ווי דיינער!״
און ווייטער בעריהמעריש:
— „מיט גאָלדען זאַמד אויסגעשיט״!...
„און אַרום זיי — גאַנצע פעלדער בלומען, אַזוינע זאַפּטיג-ליכטיג-פאַרביגע, אַזוינע מיט וואָהלגערוך רייצענדיגע, און אַזוינע ליעבליכע״...
„און זיי ווינקען מיר, זיי עפענען חנ׳עוודיג די בעלערלעך און בייגען זיך, און נייגען זיך פאַר מיר, און יעדעס

בלימעלע, דאַכט זיך, לאַדט מיך איין, בעט זיך פײַן:
— „מײדעלע פײנס, קום צו מיר! רײס מיך מיט דײנע װײסע הענדטעלעך אָב... איך פּאַס צו דיר, בעשאַפען פאַר דיר!"

„טהו איך עס, און רײס אַ בלום, — גאָט מײן אײנציגער! אַ ברענענדיגער שטאָך אין האַנד; אַ דערנדיל, נישט קײן בלום!"

„נישט דערזעהן, טראַכט איך מיר, טועה געװען, און רײס אַ צװײטס — דאָס זעלבע, — דאָס דריטע, דאָס פירטע — דערנדלעך און דערנדלעך, און אײנס פאַר'ן צװײטען שטעכענדיגער, ברענענדיגער"...

„דערשרעק איך מיך. טראַכט איך מיר: אַ פאַלשען װעג גענומען! געה איך, לויף איך אויף אײן אַנדערן".

„בלימעלעך נאָך שענערע, פאַרבען נאָך רײכערע, נאָך שמעקענדיגערע בשמים; פאַר דאָס, אין דערנדלעך אויף דער האַנד פערביטען, שטעכען זײ מעהר, ברענען זײ שטאַרקער".

װיל איך שוין װײנען, דער ניאַניע רופען... שוין אויפ'ן צעהנטען װעג, אויפ'ן צװעלפטען.

„פליהט אַ מחנה זומער־פײגעלעך פאַרבײ. זײ שמעקען נישט, לעבען זײ! און ליכטיגער זענען זײ, און פאַרביגער. לויף איך נאָך, חאַפּ איך אײנס — —"

„אַ װערמיל אויף דער האַנד!"...

— נײן מאָס רײד! — בעמערקט דער לאַנגער.

אײלט זי זיך צו:

— לויף איך און לויף, פון װערם געעקעלט, פון דערנער צושטאָכען, די הענדטלעך צוהאַקט און פערברענט... און לויפענדיג, אַלע מאָל אויף נײע װעגען אַרום גאָרטען, בין איך פלוצלונג צוריק צום טהירעל געקומען...

— געלױבט איז גאָט! — עטעמט אָב דער לאַנגער.

מאַכט זי עס נאָך קורצער:

— „עפענט זיך דאָס טהירעל אַלײן פאַר מיר אויף.

קום איך אַרויס — אַ וואַסערי'ל פאַר'ן טהירעל! פריהער נישט געווען — אַ קלאָר קריסטאָלען וואַסעריל...

זאָגט יענער אונטער...

— „שפּיגעל איך מיך"!

בעשטעטיגט זי: יאָ!

און צוריק אין טאָן אַריין פאַלענדיג:

— דערזעה איך מיך: איין אַלטע, אַ גראָהע, איין איינגעשרומפּענע...

רוף איך דערשראָקען: ניאַניע! ניאַניע!

בעווייזט זי זיך.

נעהמט זי מיך, ווי אַ מאָל, אויף דער שויס, צו זיך, און רוימט מיר עפּיס איין. אַזוי זיס גלעטענדיג און שטיל קושענדיג. און זינגט מיר עפּיס וואָס, און וויעגט מיך אַזוי איין, און שלעפערט מיך איין — —"

— אויפגעחאַפּט האָב איך מיך דאָ!...

עפּיס טונקעלער געוואָרען. די לבנה האָט געמוזט פערגעפעלט ווערען, אפשר פון דונסט פון די טויטע מעשה'לעך; איך קוק אויף די מתים, נישט אַרויף. געהט נאָך אַ מת, אַ נידריגער, אַ דיקליכער, מיט אַ האַלז אַ קורצען — געמוזט שטאַרבען אויף אַסטמאַ... און זעצט זיך, נישט ווייט פון מיר, אויף אַ שטיק אַלטער מצבה און זאָגט:

— אויך ביי'ם וואַסער'ל געווען! אַ שטילס, אַ קריסטאָלענס... גאָלדענע פישעלעך אינ'ם וואַסער'ל פאַרהאַן... בין איך מיט אַ ווענדטקע געקומען... געשטעלט זיך, האַפּען געוואָלט.

„איידער איך לאָז די ווענדטקע אין וואַסער אַריין, בעווייזט עס זיך"!

„אַ קינד, אַ הערליך קינד!" —

„פון הימעל אַראָב, פון אונטער דער ערד אַרויסגעוואַקסען — אַ מלאך'ל אַ קליינס".

„און וואונדערליכע אייגעלעך: אָהן שוואַרצע אַפּעל — מאַטע פערעליך אַזוינע... זעהט אַלץ, נישט קוקענדיג.

שטראָהלט מאַט, נאָר עפּיס גלייך אין האַרץ אַריין. און האָט אַ קליין זעקעלע אין דער האַנד."

— זאָמען אינ'ם זעקעלע! זאָגט עס — און דאָס קול'-עכיל שפּיעלט".

„און עס שטרעקט דאָס הענדטיל אויס;

— נאַ, זאָגט עס, נעהם".

וואַרף איך די ווענדטקע פון דער האַנד אַרויס און נעהם די ווענדקע.

— זייהע, זאָגט עס, זאָמען פון דעם זעקעלע אַרויס, זייה אויפ'ן וואַסער'ל... ווי לאַנג דו וועסט זייהען, אַזוי לאַנג וועסטו לעבען".

„און פערשווינדט".

„פאַלג איך, וואַרף איך אַ קערנדיל נאָך אַ קערנדיל, איבער'ן וואַסער לאַנגזאַם. עס ווילט זיך ווי אַמלענגסטען לעבען... וואָס עס וואַקסט אַרויס דערפון, ווייס איך נישט; עס טראָגט דאָס שטילע וואַסער'ל, ראַש און ווייט אַוועק... מיט'ן אויג דעריאָג איך נישט, דערזעה איך נישט... זייה איך אַזוי, ביז דער זאָמען האָט זיך אויסגעלאָזט"...

ער פערשווייגט, אַראָבלאָזענדיג דעם קאָפּ, און נאָך איין אַנדערער נעהמט דאָס וואָרט:

— אַ קינד האָב איך אויך געטראָפען, נאָר אין וואַלד, אָבער נישט קיין שענס. און גאָר, גאָר אַ קליינס —

„נאָר פריהער האָב איך אין דעם זעלבען וואַלד אַ גרויסען געטראָפען, גאָר אַ גרויסען. און ער איז מיר נאָך אין די אויגען געוואַקסען, „אַרויף און אַרויף"...

„וואָס איך האָב אין וואַלד געטהון? געזוכט!"

„וואָס? האָב איך אַליין נישט געוואוסט. נאָר געפעהלט עפּיס האָט מיר!"

„איך האָב געפיהלט, אַז מיר פעהלט עפּיס אַ תוך און איין עיקר, אָהן וועלכען דאָס לעבען האָט קיין טעם און

קיין ריח נישט און עס איז קיין לעבען נישט; זוך איך און ווייס נישט, וואָס ...״

„געה איך און טרעף איהם, דעם גרויסען, נאָר דעם גרויסען״.

„איין אַלטער, אַ גרייז־גראָהער, נאָר מיט אַזוינע גרויסע און קלאָרע אויגען, אַז איך האָב גאָר קיין פּחד נישט גע־האַט צוצוגעהן —

„צוגעקומען, דערגרייך איך איהם שוין נישט צו די קנעכיל, פונדעסטוועגען רייס איך אַרונטער דעם קאָפּ, און קוק איהם גלייך אין די אויגען אַריין.

שמייכעלט ער.

פאַלט מיר איין צו פרעגען, ווי אַלט ער איז, לויט דער גרייס...

זאָגט ער: פון דעם קען מען נישט וויסען... ער וואַקסט אַרויף און וואַקסט אַראָב. ער נעהמט צו און נעהמט אָב. ווי די לבנה... נאָר געבוירען איז ער גלייך מיט דער צייט...

וואונדער איך מיך און פרעג: ווי לאַנג ער רעכענט אַזוי צו לעבען?

ענטפערט ער:

— אַזוי לאַנג, ווי די צייט! מיר זענען אַ צווילינג!

— און פון וואַנען, פרעג איך, קומסט דו?

— פון גאָר נישט, גלייך מיט אַלעם...

— און וואו אַהין געהסט דו?

— צו גאָר אָדער גאָר נישט, אויך גלייך מיט אַלעם.

זאָג איך:

— דו מוזט זיין שרעקליך קלוג און געלערנט, אַז איך פערשטעה נישט קיין איינציגס פון דיינע ווערטער! אפשר קאָנסטו מיר זאָגען, ווי עס הייסט דאָס, וואָס איך זוך?

ענטפערט ער:

— וואָס עס ווערט געזוכט, האָט קיין נאָמען נישט... ערשט דערנאָך, אַז מען געפינט, בעקומט עס אַ נאָמען.

— און איך וועל געפינען ?

— אויב דו וועסט געהן ...

— אויף וועלכען וועג ?

— אלץ איינס. אז מען געהט געפינט מען. אויף אלע וועגען —

„געה איך ..."

„און אין א צייט ארום האב איך דאס קינד געטראָפפען".

„גאָר א קליינס. נישט אבצומאָלען, ווי קליין. אבער נישט שען. איינגעשרומפען, געל. אין די איינגעלעך ברענט עפּיס. אמאָל פלאַמט עס אויף ווילד, אמאָל טליעט עס, ווי אין אש... די שטים הייזעריג; אמאָל שארף ווי א מעסער דערשרעק איך מיך:

— ווער ביסטו ?

— „פינגעריל".

— א נאָמען ?

— דאָס פינגעריל פון מעשה'לע!

ווער איך שוין בייז:

— דו זאָגסט נישט אמת! דאָס „פינגעריל" פון מעשה'לע איז שען. עס שטראַהלט, און עס בלאָנקעט זיך נישט ארום צו־פוס אין די וועלדער... עס וויעגט זיך אין דער לופט, אויף זילבערן אָדער גאָלדען שפינוועבס וויעגט זיך עס, אָדער אין די גערטען, אין בעכער פון רויזען און ליליען ...

— אזוי דערצעהלט איהר! איהר קאָנט קיינמאָל קיין ריינעם אמת נישט דערצעהלען... און בין דאָס אמת'ע „פינגעריל", דער אמת'ער טעם פון לעבען, דער ריח פון לעבען, דאָס, וואס דו זוכסט, וואָס דער גרויסער האָט געזאָגט, אז דו וועסט געפינען, אויב דו וועסט געהן... און אויף אלע וועגען.

— דו קענסט דעם גרויסען ?

— איך בין זיין לייבליכער ברודער ... נאָר דער עלטערער! אונזער מאַמע, דאָס מעשה'לע, האָט מיך געבוירען

פאַר דער צייט! און שטאַרבען וועל איך פאַר ד'אָס נאָך דער צייט... איך בין — צער...

— ניין! — פּרוב איך מיך נאָך שפּאַרען — דער גרויסער האָט געזאָגט, אז דאָס, וואָס איך זוך, האָט קיין נאָמען נישט — —

— איך בין טאַקע דער צער אָהן אַ נאָמען...

— — — — — — — — — — — —

ווי להכעיס, האָט זיך מיר פּלוצלונג פאַר הונגער דער קאָפּ פערדרעהט. און האָב שוין מעהר נישט געהערט.

אַ פער'חלש'טען האָט מיך צומאָרגען געפונען דער קברן און קיום אָפּגעמינטערט. טהרה-וואַסער אויף מיר געגאָסען...